דאָס בוך דערשײַנט מיט דער הילף פֿון:
קרן לאה גאָלדבערג ע״י האוניברסיטה העברית;
ליטעראַטור־פֿאָנד א״נ פֿון אַנרי, רוזשקע און עווועלין קנאָבלאַוך ז״ל,
אומגעקומענע אין אוישוויץ;
פֿרוי רבֿקה גאָלדבערג, נתניה;
משה און ליובאַ קאָרן, תּל־אָבֿיבֿ;
ליטעראַטור־פֿאָנד א״נ פֿון בצלאל ז״ל און סאָניאַ קאַסטנער.



**בנימין לובעלסקי**

פֿאָטאָ: ד"ר נאָעל הענדעל

די דורך די נאַציס דערמאָרדעטע:
מײַן מוטער מינדל, געבוירן פֿינקעלשטיין,
מײַנע שוועסטער מלכּה־לאה און צבֿיה,
מײַנע ברידער אלי און הערש זיגלמאַן און זייערע משפּחות
— אין הייליקן, ווייטיקדיקן אָנדענק.

# אַ וואָרט פֿריִער

אַ פֿײַער פֿון פֿאַרניכטונג האָבן צעבלאָזן די היטלעריסטישע חיות. זיי האָבן אַרויסגעריסן מענטשן, משפּחות, פֿעלקער מיט די וואָרצלען, אומגעבראַכט זיי אָדער צעטראָגן איבער די פֿיר עקן וועלט. ווען אין די היצן פֿון אוזבעקיסטאַן, ווען אין די שנייען פֿון סיביר, מיך – אויף די זאַמדן פֿון סאַהאַראַ, געהייצטע דורך דער זון בײַ טאָג, געקילטע דורך די אַטלאַס־בערג בײַ נאַכט. זיי האָבן אונדז פֿאַרטראָגן אַזוי ווײַט אין סאַהאַרער מידבר, אַז זיי האָבן, צום גליק, אַליין ניט באַוויזן מער צוריקצוקומען צו פֿאַרענדיקן זייער טײַוולאָנישן פּלאַן. מיר האָבן געהאַט יאָרן פֿון טרוקענעם, שטיינערנעם מידבר סאַהאַראַ, און לסוף, באַפֿרײַטע דורך די אַלייִרטע אַרמייען, וועלכע האָבן דעם 7טן נאָוועמבער 1942 געלאַנדט אין צפֿון־אַפֿריקע, זענען מיר צוריק געקומען – הונדערטער קילאָמעטערס אויף צפֿון, קיין אַלזשיר.

ווי האָבן מענטשן געקעמפֿט און געלעבט, ביז די אַלייִרטע כּוחות האָבן זיי באַפֿרײַט? ווי איז געווען אין די לאַגערן – אמת, מען קען זיי ניט פֿאַרגלײַכן ניט מיט די נאַצי־לאַגערן און ניט מיט די גולאַגן – אָבער אַ לאַגער איז עס געווען! ווי איז עס געווען אין אַלזשיר, אין אונדזער – ניט אונדזער–וועלט פֿון ייִדן, אַראַבער, פֿראַנצויזן און נאָך דער לאַנדונג – אַמעריקאַנער, ענגלענדער?

כ׳האָב אין די דאָזיקע באַדינגונגען געלעבט 5 יאָר – זיי האָבן זיך אײַנגעקריצט טיף אין מײַן זכּרון. כ׳וועל זיך באַמיִען אויף די ווײַטערדיקע זײַטלעך אַ ביסל וועגן זיי צו דערציילן.

ב. ל.

די פֿאַרגאַנגענהייט איז פֿאַרבײַ,
זאָגן מענטשן, און ס'איז ניט אמת,
די פֿאַרגאַנגענהייט בלײַבט שטענדיק
מיט אונדז.

**מאָריס מעטערלינק**

# אויף די פֿליגלען פֿון גורל

ווען דו ווערסט געטראָגן אויף די פֿליגלען פֿון גורל, וואַרף זיך ניט פֿון איין זײַט אויף דער צווייטער, עס וועט דיר גאָרניט העלפֿן, וועסט סײַ ווי סײַ גאָרניט ענדערן. ניט דו וועסט באַשטימען די ריכטונג. טראַכטן, באַשטימען וועסטו דאָרט, ווו דו וועסט בלײַבן שטיין, ווו דער גורל וועט דיך פֿאַרטראָגן. וועסט אָנהייבן דײַן וועג מיט דעם, וואָס דו האָסט. און האָבן האָסטו בלויז זיך אַליין. שאַץ עס ניט אונטער. דאָס קען זײַן אַ סך, און אפֿשר גאָר אַלץ...

אָנגעהויבן האָט זיך עס אין אַ שיינעם זומערטאָג פֿון יאָר 1941. אַ גרופּע פֿון אַרום 80 מענטשן, האָבן מיר זיך געפֿונען אָפּגעזונדערט, ערגעץ אין אַ ווינקל פֿון לאַגער ווערנעט, מיטן פּעקל אין האַנט. אַ זשאַנדאַר האָט געוואַכט איבער אונדז: ניט רירן זיך! מיר פֿאַרלאָזן דעם לאַגער אין דרום־פֿראַנקרײַך. וווּהין ווייסן מיר ניט. גענוג אין צרות נעמען מיר זיך ניט שטאַרק איבער – וואָס קען זײַן ערגער?

כ'קוק אויף דער גרופּע, מײַנע מיטפּאַסאַזשירן, לרובֿ זענען עס אָנפּירנדיקע חבֿרה־לײַט אַזעלכע וואָס לייענען פֿאַרן באַראַק אַ פֿראַנצייזישע צײַטונג אין אַ סימולטאַן־איבערזעצונג, האַלטן אַ מאָל אַ לעקציע. ווילן די פֿראַנצויזן פֿון זיי פּטור ווערן? וווּהין וויל מען זיי שיקן?

– מיר ווערן דעפּאָרטירט קיין צפֿון־אַפֿריקע, קיין אַלזשיר, – דערגייט צו מיר אַ געשושקעטע ידיעה.

איז עס אַזוי? באַקומט אונדזער גורל אַ ריכטונג?

מיר רירן פֿון אָרט אין דער ריכטונג פֿון דער נאָענטער באַנסטאַנציע. אַ ניט ווײַטער וועג. אונדזער געפּעק איז ניט שווער. שפּאַצירן אונטער דער וואַך פֿון זשאַנדאַרן איז פֿאַר אונדז קיין נײַעס ניט, איז די שטימונג ניט קיין געדריקטע. מיר זענען געוווינט דערצו.

אַ סטאַנציע ווי יעדער סטאַנציע. עס שטייען וואַגאָנען אין אַ רײ – ערשטער קלאַס, צווייטער, דריטער, און די רויטע וואַגאָנען פֿאַר 16 פֿערד און 40 מענטשן – דאָס מיינט מען אונדז.

אַלע צייכנס ווײַזן, אַז אונדזער צוג שטייט אין דער ריכטונג פֿון מאַרסעל. מאַרסעל, פּאָרט, ים, אַלזשיר אַלץ ווערט בולט. דער וועג קיין מאַרסעל איז אַ קורצער, וויפֿל איז שוין צו פֿאָרן? צוויי וואַגאָנען פֿאַראייניקטע דורך אַ בריקל האָבן אונדז געגעבן גענוג שטח – מער ווי דער באַראַק אין לאַגער.

די טירן זענען האַלב אָפֿן. מיר אין די וואַגאָנען זענען רויִק. ניט פֿאַראַן די שטילקייט וואָס וואַרפֿט אָן אַן אימה. אין דרויסן שטייען די זשאַנדאַרן, די וועכטער אונדזערע, און שמועסן געמיטלעך צווישן זיך. מיר וועלן פֿון זיי ניט אַנטלויפֿן. זיי גייען לסוף אַרײַן אין צוג, אין זייער אָפּטיילונג – עס קוקט ווער פֿון זיי אַרויס פֿון פֿענצטער.

דער צוג האָט זיך גערירט.

דורך די עפֿענונגען פֿון אונדזער וואַגאָן קומט אַרײַן אַ פֿרײַע וועלט: וועלדער, פֿעלדער, בלומען, אַ פּעראָן אַרײַן – אַ פּעראָן אַרויס. פֿון די נאָענטע הײַזער קוקט מען אויף אונדזערע וואַגאָנען, אין וועלכע דאָס מאָל פֿאָרן ניט קיין פֿערד.

– באָש! – גיט אַ געשריי צו אונדז אַ מיידל פֿון איר פֿענצטער, לעבן וועלכן מיר זענען שטיין געבליבן.

באָש איז אַ פֿראַנצייזיש זידלוואָרט, אַזוי רופֿט מען אַ דײַטש. האָט מען אַזוי צוגעגרייט די עפֿנטלעכע מיינונג, זי זאָל אין אונדז זען דײַטשן, געפֿאַנגענע אויף דער מאַזשינאָ־ליניע בעתן קאָמישן קריג, באָטש גיי הייב אָן אַן אויפֿקלערונג – אַרבעט, אַז מיר זענען שפּאַניע־קעמפֿער. – יונגע, שיינע חבֿרה־לײַט, זין פֿון פּוילישע קוילן־גרעבערס פֿון צפֿון־פֿראַנקרײַך, פֿון

פּאַ־דע־קאַלע, כאַפּן מיט זיי אַ שמועס אויף אַ גוטן פראַנצייזיש, אַ גאַלאַנטן פראַנצייזישן שמועס צווישן ייִנגל און מיידל:

– מייַן קליינע, ביסט אַזוי שיין, ס׳פּאַסט ניט זאָלסט ריידן אַזעלכע נאַרישקייטן.

– כ׳וואָלט אַזוי גערן מיט דיר שפּאַצירט, – האָט אַ צווייטער אַריבערגעשיקט זייַן אינטימען ווונטש.

דאָס מיידל איז געשטאַנען פאַרלוירן, ניט געקענט אָפּלייקענען דער חבֿרה זייער פראַנצייזישקייט. די אייַנלאַדונג אויף אַ שפּאַציר האָט אַפילו געלאָקט, אָבער דער צוג האָט זיך גערירט און איבערגעריסן דעם שמועס אין פולער הייַטערקייט.

חבֿרה האָבן זיך איצט געשטופּט צו דער טיר, געוואַרט אויף מיידלשע אויגן, וועלכע האָבן זיך מער ניט באַוויזן. דער צוג איז אָנגעקומען צו זייַן סטאַנציע. אונדזערע וואַגאָנען זענען איבערגעשטעלט געוואָרן אין דער ריכטונג צום פּאָרט, צום דאָק, וווּ אַ שיף האָט שוין אויף אונדז געוואַרט.

הייַטערע מאָמענטן גייען שנעל פאַרבייַ; באַלד וועט מען אונדז איבערגעבן דער שיף – זי וועט אונדז פירן ווייַטער. וועט עס טאַקע זייַן אַלזשיר? – דאָס וועלן מיר זען.

* * *

כ׳בין שוין אַ מאָל אייַנגעפּאַקט געוואָרן אין די אינגעווייזדן פון אַ שיף – דאָס איז אַן אָרט פאַר פעסער מיט הערינג, זעק מיט ציבעלעס, קנאָבל, רייַז, קעסטלעך מיט עפּל, מאַראַנצן און אַנדערע גוטע זאַכן. זיי שטייען זיך רויִק אויפן דאָק און וואַרטן. קומט דער הייבקראַן מיט זייַנע רעדער אויף די רעלסן, הייבט זיי אויף און לאָזט אַראָפּ אין דער אויסהוילונג, אין שיף־מאַגאַזין, ווו מען שטעלט זיי אַוועק גוט, גלייַך, שיין. זיי ווערן אַפילו צוגעדעקט מיט אַ ברעזענט, זיי זאָלן געשיצט זייַן פון רעגן, און זיי פאָרן אַזוי אַ טאָג, אַ וואָך. עס איז זיי ניט שלעכט. זיי קלאָגן זיך ניט. אָבער אַ מענטש איז ניט קיין זאַק מיט ציבעלעס, אַפילו ניט קיין קעסטל מאַראַנצן. אין יאָר 1939 האָב איך געמאַכט אַזאַ רייַזע פון וואַלענציע קיין באַרצעלאָנע

אין אַ שיף־מאַגאַזין – דאָס האָט ניט געהערט צו די גוטע זאַכן. וואַרט אויף מיר איצט אין יאָר 1941 ווידער אַזאַ רײַזע אין מאַגאַזין־קלאַס? ניין, כ'האָב געזען צו שוואַרץ. אמת, איך בין געווען אין דער אויסהוילונג פֿון דער שיף, קיין פֿענצטערלעך זענען ניט געווען – צו וואָס? איבער אונדז איז געווען דער בלויער הימל. עס איז געווען אַ פֿירעקיקע שוועל, מען האָט געקענט זיצן, און אַז מען האָט געלייגט דאָס פעקל אונטערן קאָפּ האָט מען אַפֿילו געקענט שלאָפֿן. ניט צעבאַלעוועטע דורך די פֿראָנטן און לאַגערן האָבן מיר זיך אָן שוועריקייט אַרײַנגעפּאַסט אין דעם הערינג־קאָמפּאָרט.

מיר האָבן שנעל אָפּגעשאַצט, אָפּגעמאָסטן דאָס אָרט און זיך גענומען אײַנאָרדענען. מיר האָבן עס געמאַכט אַליין, אָן אַן אויפֿזיכט, אָן באַפֿעלן, שטיל.

דאָס איז אַוודאי ניט געווען אין הסכּם מיט די אַדמיניסטראַטיווע תּקנות. פֿון אונטער דער ערד, צי פֿון אונטערן שטאָל איז אויסגעוואַקסן אַ קאַפּראַל, וואָס האָט גענומען לויפֿן אַהין און אַהער און אָנגעהויבן ברומען. מיר האָבן אים אין אַ קלאָרן פֿראַנצייזיש געפֿרעגט וואָס ער וויל, וואָס געפֿעלט אים ניט. האָט ער אָפּגעברומט און איז אַוועק, פֿאַרשוווּנדן. אַוודאי פֿאַרשטאַנען, אַז ער וועט דאָ קיינעם ניט אָנשרעקן. מיר האָבן אים מער ניט געזען.

שטאַרקע ענדערונגען אין משך פֿון שעהען וואַרפֿן אָן אַ מידקייט, אַפֿילו ווען דו רירסט זיך ניט פֿון אָרט. עס איז נאָך געווען פֿריִער אָוונט, ווען דער רויש אונדזערער האָט זיך צו ביסלעך אײַנגעשטילט – דאָס הוידען זיך אויף די כוואַליעס פֿון ים האָט זיך געלאָזט פֿילן. דער שטילער רויש פֿון די שיפֿמאַשינען האָט געווירקט, און גאָר שנעל האָט דער שלאָף אונדז געהאַט אין זײַנע אָרעמס אַ גאַנצע, פֿולע נאַכט.

אַ פֿרישער, בלאָער פֿרימאָרגן האָט אונדז אויפֿגעוועקט, אויפֿגעז־הײַטערט. די שיף האָט זיך דערנענטערט צו אַ פּאָרט, אַ שטאָט. די שטאָט האָט ווי געצויגן די שיף צו זיך, האָסט די מאַשינען ניט געהערט. די שיף האָט זיך געגליטשט אין שנעלן טעמפּ, ווי עס וואָלט איר ווער פֿון אונטן אַ שטאַרקן שטופּ געטאָן. מיר זענען שוין געשטאַנען, יעדערער מיט זײַן פעקל, אויפֿן דעק, געקוקט פֿאַרבלענדט, געריבן די אויגן. פֿאַר אונדז האָט

זיך באַוויזן אַ שיינער בולוואַר מיט הויכע ווײַסע הײַזער - אַ פֿאַרגעניגן געווען צו קוקן. ווו זענען מיר? מיר האָבן דערהערט:

- אַלזשיר!

דער נעפּל האָט זיך אויפֿגעהויבן - איך בין געשטאַנען פֿאַר דער ווירקלעכקייט. דער ערשטער אײַנדרוק איז געווען אַ גוטער. אַ מילדער פֿרישער פֿרימאָרגן האָט מיך אַרומגענומען. איך האָב איבערגעקליבן אין מוח די קנאַפּע ידיעות וועגן אַלזשיר, וואָס האָבן זיך דאָרט אָנגעזאַמלט. מײַנע חבֿרים, וואָס האָבן די פֿראַנצייזישע פּרעסע ניט געלייענט, האָבן בלויז געוווּסט וועגן סאַהאַראַ. מיר האָט די פֿראַנצייזישע פּרעסע, און ספּעציעל די "הומאַנישע", שטענדיק דערציילט וועגן די ערשטער מײַ־מאַניפֿעסטאַציעס אין אַלזשיר, וועגן פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען, וועגן אַרבעטער, זייער לעבן און קאַמף. האָב איך גענומען זוכן, זען מײַנע פֿאַרבינדעטע. איך האָב געוווּסט, אַז אַלזשיריע איז אַ קאָלאָניע, וואָס איז נאָך יאָרן פֿון אונטערדריקונג ווײַט ניט באַרויִקט.

איצט שטיי איך אויף דער שוועל פֿונעם דאָזיקן לאַנד.

און אָט גייען מיר אַראָפּ פֿון שיף. מיר פֿאָרמירן די רייען צו פֿיר און אונטער דער וואַך פֿון אונדזערע היטער מאַרשירן מיר איבערן ברייטן בולוואַר. מיר האָבן, ווײַזט אויס, ניט געמאַכט קיין שלעכטן אײַנדרוק. אָן פֿאַרמיטלערס האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ קאָנטאַקט: מיר האָבן געשמייכלט צו די מענטשן אויפֿן בולוואַר, צו מענער, פֿרויען פֿון אַ גאַנץ יאָר, וועלכע גייען צו דער אַרבעט, אויפֿן מאַרק. די אויגן ברייט געעפֿנט, האָבן זיי געקוקט אויף אונדז.

- ווער זײַט איר? - האָט ווער פֿון זיי אַרײַנגעגנבֿעט אַ פֿראַגע.

- פּאָליטישע אינטערעניִרטע, שפּאַניע־קעמפֿערס.

די מענטשן האָבן פֿרײַער אָפּגעאָטעמט, מיר אויך. מיר האָבן שוין געוווּסט, אַז מיר זענען אויפֿן וועג צו אַ לאַגער אין דער ווײַטער סאַהאַראַ, אָבער עס איז גוט געווען צו טרעפֿן מענטשן מיט אַ וואַרעמען בליק.

גייען מיר, ניט מידע, געזעטיקטע מיטן בליק פֿון מענטשן אויף דער פֿרײַ, אָן אַן אויסדרוק פֿון שׂינאה. מיר גייען ווי אייגענע.

מיר בלײַבן שטיין לעבן אַ פּאַרק. פֿאַראַן דאָרט אַ טירל וואָס צאַמט אָפּ

אַ לענגלעכן הויף. אַהין פֿירט מען אונדז אַרײַן. פֿון דער רעכטער זײַט איז אַ גלאַטער מויער, וועלכער ציט זיך אַרויף צו, מיט שטעכלדראָט אין דער הייך, ווי אַ פֿאַרצאַמונג פֿון אַ פּאַרק. פֿון דער צווייטער זײַט שטייט אַ נידעריקער בנין – דאָ פֿירט מען אונדז אַרײַן.

אונדזערע וועכטערס זענען אַוועק, בלויז בײַם טיר איז געבליבן איינער.

אונדזער שטוב, אָדער צימער, איז געווען גענוג גרויס. ער האָט ניט געהאַט קיין טיש, קיין געלעגערס, קיין וואַסער צו וואַשן זיך איז אויך ניט געווען. קעגן איבער דער טיר, אויפֿן הויף האָט זיך געמערקט אַ וואַסער־לייטונג אָן שום ספּעציעלער אײַנריכטונג – אַלע סימנים, אַז עס גייט זיי ניט אין לעבן אונדז דאָ לאַנג צו האַלטן.

אונדזער שטוב – רופֿן עס באַראַק וואָלט ניט געווען ריכטיק – איז ניט געווען פֿאַרשלאָסן. מיר האָבן פֿרײַ געקענט אַרויסגיין אויפֿן הויף, וואָס איז געווען אויסגעלייגט מיט טראָטואַר־פּליטעס, גלײַך, גלאַט, מען קען שפּאַצירן אַרויף ביז צום טירל. דאָס טירל איז פֿאַרשלאָסן. צו עפֿענען עס איז פֿאַראַן אַ וועכטער – ניט מיט קיין גרויזאַמער מינע, ער ווייסט, אַז מיר וועלן ניט אַרויסגיין, מיר ווייסן, אַז ער וועט ניט לאָזן. פֿאַרשטענדלעכע, אײַנגעשטעלטע כּללים.

איצט, אין מלחמה, ווען פֿראַנקרײַך איז אונטער דער דײַטשישער אָקופּאַציע, איז אַלזשיריע געבליבן ניט אָקופּירט. עס זעט ווער דורך די שטאַכעטן פֿונעם טירל אַ פֿאַרבײַגייענדיקן גאַסן־פֿאַרקויפֿער און גיט צו אים אַ ווונק, אַ רוף מיטן פֿינגער. קומט ער צו און באַווײַזט זײַן קראָם.

– וואָס ווילסטו?

– ציגאַרעטן.

– וועלכע?

– "גאָלואַס", – טרײַבט ווער דעם שפּאַס ווײַטער... און דער פֿאַרקויפֿער דערלאַנגט באמת דאָס אויסגעבענקטע בלאָע פּעקעלע.

– נאָך אַ פּעקעלע! – און ניט באַמערקנדיק ליידיקן מיר אים אויס די קראָם. די חבֿרה־לײַט צעלויפֿן זיך איבער די שטיבער, פֿאַררייכערן, גייען אַרויס אויפֿן הויף און לאָזן אַרויס געדיכטע וואָלקנס רויך – אַ נקמה אויף

יענע טעג אין ווערנעט־לאַגער, אין פֿראַנקרײַך, ווו עס איז ניט געווען וואָס צו רייכערן, און די רייכערערס האָבן געזוכט, געגנישטערט, צוזאַמענגעשטעלט "ציגאַרעטן" פֿון אַוועקגעוואָרפֿענע ניט דעררייכערטע ציגאַר־רעשטלעך. ווען מען פֿלעגט פֿאַרציִען זייער רויך פֿלעגן זיך איבערדרייען די קישקעס אין בויך. דאָס מאָל האָט מען גערייכערט פֿרײַ און ברייט עכטע פֿרישע "גאָלואַס". די רייכערערס איצט האָבן גליקלעכע אַוועקגעוואָרפֿן כּמעט האַלבּ ניט דעררייכערטע ציגאַרעטן, זיי צעטראָטן מיטן פֿוס און געטראַכט וועגן די חבֿרים אין לאַגער, אין פֿראַנקרײַך, – זיי וועלן גאַפֿן, ניט גלייבן, מקנא זײַן.

און אַלע האָבן געשטראַלט.

ווי אַ צוגאָב איז האַרט פֿאַר מיטאָגצײַט אַרײַנגעקומען אַן אָפֿיציר פֿעסטצושטעלן וויפֿל מיר זענען. ער האָט שנעל געמאַכט די רעכענונג און אַ זאָג געטאָן:

– ס'וועלן אײַך אויספֿאַלן 37 פּאָרציעס ווײַספֿלייש און 43 פּאָרציעס רויטפֿלייש. איר וועט עס אַליין פֿאַרטיילן צווישן זיך, צי זאָלן מיר עס טאָן?

מיר האָבן געמיינט אַז ער חוזקט פֿון אונדז, אָבער ניט ווילנדיק בלײַבן שולדיק, האָט ווער פֿון אונדז אַ זאָג געטאָן:

– זאָרגט ניט, מיר וועלן עס שוין טאָן.

ער איז אַוועק עלעגאַנט, ווי ער וואָלט איבערגעלאָזט קינדער, וואָס האָבן צוגעזאָגט זײַן בראַוו, זיך גוט אויפֿפֿירן.

ער איז אַרויס און מיר זענען געבליבן געפּלעפֿט, ניט געוווּסט צי מיינט ער ערנסט, צי חוזקט ער.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און עס האָבן זיך באַוויזן סאָלדאַטן מיט אַ גרויסער פֿאַן, און דאָס צוגעזאָגטע פֿלייש איז געלעגן ווי צוגעזאָגט. נאָך די מאָגערע טעג אין ווערנעט איז עס געווען אַ הימלישע מתּנה. הינערפֿלייש, – חזירפֿלייש – מיר האָבן ניט איבערגעקליבן.

די סאָלדאַטן, וואָס זענען געקומען צוריקצונעמען די אויסגעליידיקטע פֿאַן, האָבן באַוווּנדערט ווי מיר האָבן זי אויסגעווישט... אויך אויף אונדזערע ליפּן האָבן זיי קיין שפּור ניט באַמערקט. מיר האָבן זיך גוט באַלעקט...

אין אָוונט איז אונדז באַקאַנט געוואָרן דער סוף־פּסוק – מיר וועלן

איבערגעשיקט קיין דזשעלפֿאַ, אַ לאַגער אין די אַטלאַס־בערג, 306 קילאָמעטערס דרום פֿון אַלזשיר, אין סאַהאַראַ. מיט דעם סוף־פּסוק האָבן די פֿילאָסאָפֿן אַ סך קאָפּ־דרייעניש, ווי מיט די באַגריפֿן גוט און שלעכט. פֿון וואַנעט ווייסט מען, אַז דאָס גוטע איז גוט, אַז דאָס שלעכטע איז שלעכט? און ווּ איז דער סוף? איז דער סוף דער סוף? און דער אין־סוף? נו, וועלן מיר זען...

די באַנסטאַנציע איז ניט געווען ווײַט. דער צוג איז געשטאַנען און געוואַרט. עס איז ניט געווען קיין וואַגאָן פֿאַר 16 פֿערד און 40 מענטשן, עס איז ניט געווען קיין טיעפּלושקע, נאָר אַ געווייטלעכער פּאַסאַזשיר־וואַגאָן, דריטער קלאַס. מיר האָבן פֿאַרנומען אונדזערע ערטער אַכט מאַן אין אַן אָפּטיילונג. צוויי וועכטער וואָס שטייען אין דורכגאַנג שטערן אונדז ניט.

מיר פֿאָרן. עס איז נאָך געגנוג העל. אַ פֿערציק קילאָמעטערס נאָך אַלזשיר נעמט אונדז אויף דער מידבר. מיר שטעלן אויס די אויגן. די לאַנדשאַפֿט איז ניט פֿאַרכאַפּנדיק. לויטן סאָוועטישן שרײַבער אילין איז דער מידבר גאָרניט אַזוי אָרעם ווען מען באַטראַכט אים נענטער, אָבער מיר, קוקנדיק דורכן פֿענצטער פֿון צוג, זעען בלויז זאַמד, זאַמד, אַ שטיין דאָ, אַ שטיין דאָרט, ווערט עס ווי דאָס קלאַפּן פֿון די רעד־ער פֿון אונדזער וואַגאָן – מאָנאָטאָן, מאָנאָטאָן. אין מוח קײַקלען זיך בילדער פֿון אַ גרינעם נעכטן, דורך אַ פֿאַרוואָלקנטן הײַנט, צו אַ מאָרגן, וועלכער דאַרף אויפֿשטיין פֿון אַן אַפּאַטישן זאַמד, וואָס ליגט אויסגעשפּרייט אין זײַן אָריענטאַלישער פֿלעגמע, גלײַכגילטיק צום קלאַפּן פֿון די רעדער. פֿאַר אונדז ווערט דאָס קלאַפּן שוואַכער, שטילער, מיר שלאָפֿן אײַן...

אַ שאַרפֿער ריס פֿון צוג אין גאַנג האָט אונדז אַ טרייסל געטאָן, אויפֿגעוועקט. עס איז די באַנסטאַנציע דזשעלפֿאַ. מיר גייען אַרויס. אַ סטאַנציע, אַ פֿאַרשלאָפֿענע, גרויס ווי אַ גענעץ – גענעצט זי אויך. דער פּעראָן איז כּמעט ליידיק. אַ האַלב־ציווילער וועכטער, אַ פּאָר גומיעס (אַראַבישע מידבר־פּאָליציי) אין ברוינע אָפּגעטראָגענע בורנוסן (אַראַבישע כאַלאַטן) און אַ פּאָר ציווילע לעבן זיי זענען געקומען אונדז "אָפּנעמען".

די ציווילע דערקענען מיר גלײַך – אונדזערע חבֿרים, וועלכע זענען אַהער געקומען מיט עטלעכע וואָכן פֿריִער. פֿאַלן בליקן, פֿאַרגנבֿענען זיך

ווערטער, אַ פֿאַרשטעקטער שמועס, און מיר באַקומען די ערשטע אויפֿקלערונג: דער האַלב ציווילער איז אַן אונטעראָפֿיציר, אַ פּעטען־מיליציאָנער. מען רופֿט אים ״ראָמפּע מאַלעטאַס״ (וואַליזקע־ברעכער). אַ מרה־שחורהדיקער פּרצוף פֿון אַ זשאַלדאַק, וואָס זוכט אויסצונוצן זײַן מאַכט, וועלכע ער האָט ניט. זײַן נאָמען ווייסט מען ניט. פֿאַר אונדזערע שפּאַנישע חבֿרים איז עס אויך ניט וויכטיק. אויב יעדער מענטש מוז האָבן אַ נאָמען, וועלן זיי אים שוין אַ נאָמען געבן און זיי האָבן מערער סימנים ווי טאַטע־מאַמע האָבן געהאַט ווען ער איז געבוירן געוואָרן...

דער מיטן אַראַבישן שלייער, קעפֿיאַ אויפֿן קאָפּ, מיטן ברוינעם, בעסערן בורנוס, וועמעס פּאָלעס פֿליִען אויפֿן ווינט – דאָס איז ״טראַיגאַ ניניאָס״. פֿאַר אים האָבן אונדזערע שפּאַנישע חבֿרים אויסגעזוכט אַ נאָמען פֿון זייער היימישן פֿאָלקלאָר: דאָס איז אַ מענטש, וואָס נעמט אַוועק די טויטע קינדער אין אַ לעגגלעך קעסטל; דאָס קעסטל הענגט אַראָפּ פֿונעם אַקסל, און ער פֿאַרדעקט עס מיט דער פּאָלע פֿון זײַן שוועבנדיקן לבֿוש.

אונדזערע שפּאַנישע חבֿרים האָבן אַ פֿאַנטאַזיע וואָס איז אײַנגעוואָרצלט אין זייער ווירקלעכקייט. אָבער לאָמיר זאָגן דעם אמת: ״ראָמפּע מאַלעטאַס״ האָט בײַ אונדז קיין וואַליזקעס ניט געבראָכן, אַפֿילו עס ניט געפּרוווט טאָן און ״טראַיגאַ ניניאָס״ האָט קיין קינדער פֿון אונדז אין קיין קעסטל ניט אַוועקגעטראָגן.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און מיר זענען אין רייען צו 4 אַוועק אין פֿאָרט קאַפּאַרעלי – אַ פּונקט וואָס די פֿראַנצויזן האָבן אויסגעבויט בעת זייער דעראָבערונג־קאַמף און אים אַוודאי אַ נאָמען געגעבן לויט איינעם פֿון זייערע מיליטערישע פֿירערס.

דאָס אָרט איז ניטאָ וואָס צו באַוווּנדערן – אַ ליידיקער הויף, באַשטעלט מיט קליינע, נידעריקע געבײַדעס פֿון שטיין – אַוודאי אַ תּפֿיסה פֿאַר ווידערשפּעניקע. אין איינער אַ גרעסערער געבײַדע, אויך אַ שטיינערנער, מיט אַ גרעסערן פֿאַרנעם, פֿירט מען אונדז אַרײַן.

עס איז קאַלט. אַ קעלט נעמט אַרום די אבֿרים. מידבר סאַהאַראַ, אַפֿריקע? ווּ זענען מיר? יאָ, מיר זענען אין אַפֿריקע, אין סאַהאַראַ, אָבער אין די אַטלאַס־בערג, און אַלע הייכן, ווּ זיי זאָלן ניט זײַן, האָבן די זעלביקע

אייגנשאַפֿטן. מעג טאַקע אונטן זײַן וואַרעם, אָבער דער פֿאָרט קאַפּאַרעלי איז אויף אַ העכערן אָרט. נו, האָט איר געוואָלט אַז דאָס אַלץ זאָל זײַן געשריבן אין אונדזערע געאָגראַפֿישע שולביכער? ניט געפֿערלעך, מיר וועלן עס שוין מיט קלאַפּנדיקע ציין אַרײַנשרײַבן אין אונדזער מוח.

עס האָט לאַנג ניט געדויערט, און ס'איז געקומען אַ קעסל מיט וואַרעמע קאַווע, ברויט. דאָס האָבן געבראַכט אונדזערע פּוילישע, לאַגער־חבֿרים.

דאָס מאָל איז דער שמועס שוין געווען כּמעט אַ פֿרײַער, אָבער עס האָט זיך דאָך, דאָ און דאָרט, געמערקט, אַז די חבֿרים זענען צוריקגעהאַלטן אין זייערע רייד. מיר האָבן געפֿרעגט דאָס, און זיי האָבן געענטפֿערט יענץ. עס האָט זיך ניט געלאָזט באַהאַלטן. דאָס חזיר־פּיסל איז אַרויסגעקראָכן: דער קאָמענדאַנט פֿונעם לאַגער, דער פֿראַנצויז מאַיאָר קאַבאָש, איז אין יאָר 1920 געווען אין פּוילן מיט דער ווײַגאַנד - עקספּעדיציע צו ראַטעווען פּוילן פֿון באָלשעוויזם און האָט זיך אויסגעלערנט אַ ביסל פּויליש. דאָס האָט אים דערמעגלעכט צו באַאײַנפֿלוסן אַ גרופּע פּוילישע חבֿרים פֿון דער אינטערבריגאַדע, אָפּצוטיילן זיי פֿון זייערע בריגאַדע־חבֿרים און אַריבערציִען זיי אויף זײַן זײַט. זיי האָבן דערפֿאַר באַקומען בעסערע אַרבעטן אויסערן לאַגער, בעסערע פּאָרציעס פֿון געמיינזאַמען קעסל. נו, אָנהענגערס פֿון סיר הבשׂר, פֿון לחם הקלוקל זענען פֿאַראַן אומעטום, עס האָט זיך געשאַפֿן אַ ריס צווישן דער חבֿרה. איין זאַך האָט זיך געלאָזט גלײַך באַמערקן: צווישן די, וועלכע האָבן זיך אָפּגעטיילט, זענען קיין ייִדן ניט געווען.

און נאָך אַ זאַך איז אונדז באַקאַנט געוואָרן בײַם סאַמע אַרײַנגאַנג אין אונדזער לאַגער, 700 קילאָמעטער פֿון אַלזשיר: מיר זענען טאַקע רויִק געשלאָפֿן בעת אונדזער רײַזע אַלזשיר־דזשעלפֿאַ. די וועכטער האָבן געוואַכט, דער צוג איז געלאָפֿן איבערן מידבר, וואָס האָט נאָך געקענט זײַן? יאָ, ס'האָט געקענט! אונדזער חבֿר וועלכן מיר האָבן גערופֿן "פּאַמפּון" (ווילדע פּרעריעס), האָט זיך געוויס ניט וויניק אָנגעלייענט וועגן געפֿאַנגענע, וואָס זענען אַנטלאָפֿן פֿון פֿאַרשיקונג? האָט ער בײַ דער ערשטער געלעגנהייט, אַראָפּגעלאָזט די שויב פֿון דער וואַגאָן־אָפּטיילונג און אומבאַמערקט אַפֿילו פֿון די אייגענע חבֿרים, אַרויסגערוקט אַ האַלבן

קערפּער, דורכגעשלעפּט איין פֿוס, דעם צווייטן און האָפּ... אַרויסגעשפּרונגען, אַנטלאָפֿן. אַנטלאָפֿן? אַזוי פּשוט איז עס ניט. אַ פּאָר באַדינגונגען זענען דאָך דערצו נייטיק. מען דאַרף קענען דאָס אָרט פֿון וועלכן מען וויל אַנטלויפֿן און דאָס אָרט וווּהין מען וויל אַנטלויפֿן. איין באַדינגונג פֿאַרן אַנטלויפֿן איז געווען: אַלע זענען געשלאָפֿן, אַפֿילו אונדזערע וועכטער. ערגער איז געווען מיטן צווייטן פּונקט – וווּהין מען וויל אַנטלויפֿן. דאָס איז אונדזער חבֿר געווען אין גאַנצן אומבאַקאַנט. וואָלט ער געהאַט אַ שאַרפֿן בליק, וואָלט ער אים איינגעשפּאָרט דעם יאָמערדיקן דורכפֿאַל פֿון זײַן פּלאַן, וועלכער האָט קיין שום שאַנס ניט געהאַט פֿאַרווירקלעכט צו ווערן. וואָלט ער געקוקט דורכדרינגלעך דורכן פֿענצטער בעת דער רײַזע, וואָלט ער געזען, אַז שוין 40 קילאָמעטערס פֿון אַלזשיר הייבט זיך אָן די אוממיטלבאַרע הערשאַפֿט פֿונעם מידבר. קוקסט אויס די אויגן און זעסט ניט קיין וואַלד, אָאַזיס, קיין ייִשובֿ, קיין הײַזקע – גאָרניט, גאָרניט, בלויז הימל, זאַמד און שטיינער. און ווען עס שוועבט פֿאַרבײַ אַ בעדויִנער, ווערסטו עס ניט באַמערקן. און ווען ס'איז יאָ דאָ, טאַקע דעמאָלט הייבן זיך אָן די שוועריקייטן. דער מידבר דאַרף ניט קיין שטעכלדראָט. אַנטלויף, קענסט אַנטלויפֿן, אָבער ביז אַ שטאָט, אַ ייִשובֿ דאַרפֿסטו גיין הונדערטער קילאָמעטערס. נו, ווערסטו גיין ניט באַזאָרגט מיט עסן, וואַסער, בײַ טאָג אונטער דער זון און היץ, בײַ נאַכט אין דער פֿינצטער און קעלט. עס קען אַפֿילו זײַן, אַז נאָך אַ צענדליק קילאָמעטערס ווערסטו אָנטרעפֿן אַ בעדויִנער־געצעלט. דער בעדויִנער וועט דיך אויפֿנעמען מיט אַ ברייטן סאַלעם־אַלייקום, דיר פֿאָרלייגן קאַווע און אַפֿילו אַ געלעגער איבערצושלאָפֿן די נאַכט. ווי לאַנג דו ווערסט שלאָפֿן איז שווער פֿאָרצוזען. עס הענגט אָפּ פֿון דעם ווען דער נאָענטסטער פּאָליציי־פּאַטראָל וועט פֿאַרבײַפֿאָרן. דער בעדויִנער וועט דיך דעמאָלט מיט אַ שמייכל איבערגעבן אין די הענט פֿון פּאַטראָל און באַקומען זײַן לוין דערפֿאַר: אַ פּאָר קילאָ רײַז, מעל, צוקער, בוימל, זאַלץ. פֿאַרן בעדויִנער איז עס אַן אוצר. פֿאַר דער פֿראַנצייזישער מאַכט איז עס אַן אָרגאַניזירטער טייל פֿון איר אַדמיניסטראַציע – אַ נויטווענדיקייט פֿאַר ביידע צדדים.

אין די נאָכמיטאָגדיקע שעהען האָט מען אונדז אַריבערגעפֿירט אין

לאַגער דזשעלפּאַ. אַהין האָט אונדז דערוויַיל דער גורל געבראַכט אויף צוויי יאָר. דער גורל האָט צייַט, ער קען וואַרטן.

יאָ, וואָס איז געשען מיט אונדזער חבֿר? די פּאָליציי האָט אים געבראַכט צו אונדז אין פּאָרט קאַפּאַרעלי, און ער איז צוזאַמען מיט אונדז אַריבער אין לאַגער.

וואָס איז מיט אים געווען האָבן מיר ניט געפֿרעגט - מיר האָבן עס געלייענט פֿון די צייכנס אויף זייַן פּנים...

ער האָט ניט געוווּסט וועגן כּלל, אַז ווען דו וועסט געטראָגן אויף די פֿליגלען פֿון גורל, וואַרף זיך ניט פֿון איין זייַט אויף דער צווייטער - ס'וועט דיר סייַ ווי סייַ ניט העלפֿן...

# דער לאַגער אָן אַ טויער

דעם וועג צום לאַגער האָבן מיר דורכגעמאַכט צו פֿוס. עס האָט ניט לאַנג געדויערט – אַ פֿערטל שעה. דאָס זאָגט נאָך גאָרניט. עס איז געווען באַרג־אַראָפּ, יונגע געזונטע פֿיס שלינגען דעם מרחק שנעל איַין. אין גיכן זענען מיר געשטאַנען בײַם אַרײַנגאַנג אין לאַגער. אַ טויער? אַ טיר? גאָרניט פֿון די זאַכן וואָס איך האָב געהערט אין מײַן לעבן. ניט געווען קיין טויער, קיין וואַכטורעמס, קיין אויפֿשריפֿט וואָס לאָקט מיט אַרבעט וואָס מאַכט פֿרײַ. האָסט געזען בלויז שטעכלדראָט אַרויפֿגעצויגן אויף שיטער צעזייטע דרענגלעך, וועלכע האָבן אַרומגענומען אַ גרויסן שטח – אַ טאָל אַרומגערינגלט מיט בערג. ערגעץ אין מיטן צווישן די דרענגלעך איז געווען דער אַרײַנגאַנג. די טיר איז באַשטאַנען פֿון צוויי ווערטיקאַלע דרענגלעך, צונויפֿגעקלאַפּטע מיט דרײַ דרענגלעך אין דער ברייט, זי איז געווען באַשלאָגן מיט שטעכלדראָט. די איבעריקע דרענגלעך האָבן געהאַט שיטערע רייען שטעכלדראָט, צוגעפֿעסטיקטע האָריזאָנטאַל – דאָס איז געווען די גאַנצע פֿאַרצאַמונג, ניט קיין מויער וואָס נעמט אַרום דעם גאַנצן לאַגער. די דאָזיקע באַשיידענע פֿאַרצאַמונג איז געווען, פֿאַרשטענדלעך, פֿאַר אַלע די, וועלכע זענען דאָ געווען אינטערנירט: לויף ניט, וווּהין וועסטו לויפֿן? ווײַנטרויב איז שוין געלאָפֿן...

אַרום דעם לאַנגן צאַם פֿון שטעכלדראָט איז צווישן גרעסערע אָפּשטאַנדן געשטאַנען אַן אַראַבישער וועכטער, אַ גומיע. ער איז געשטאַנען אָדער געזעסן. עטלעכע מאָל אין טאָג איז ער געשטאַנען,

געוויזן אַללאַ זײַנע הענט, אַז זיי זענען ריין – כאָטש וועגן ריינקייט לאָזט זיך אַ סך זאָגן – און זיך אַראָפּגעלאָזט אויף די קני, געקלאַפּט מיטן שטערן אין דער ערד און געזאָגט זײַן תּפֿילה.

אָבער מיר שטייען פֿאַרן טירל, וואָס איז צוגעבונדן אין דרײַ ערטער מיט אַ דראָט צו אַ דיקן דרענגל. דער אַראַבישער וועכטער נעמט עס מיט זײַנע הענט און טראָגט אַריבער אויף רעכטס – און מען גייט אַרײַן. ווען מיר וועלן זײַן אינעווייניק וועט דער וועכטער צוריק איבערשטעלן די טיר אויף לינקס אין אַ האָריזאָנטאַלער פּאָזיציע, גלײַך מיט די איבעריקע דרענגלעך פֿונעם צאָם.

מיר זענען אינעווייניק. עס האָט אונדז קיינער ניט געציילט. די אַראַבער, וואָס זייער פֿאָלק האָט אויסגעטראַכט די ציפֿער, האָבן אפֿשר ציילן ניט געקענט, אָדער ניט געוואָגט עס צו טאָן מיט אונדז, ווײַסע, פֿראַנצויזן? ווייסט זיי דער רוח!

מיר גייען מיטן איינציקן אויסגעטראָטענעם וועג און פֿאַרהאַלטן זיך פֿאַר די מאַראַבוטן. די מאַראַבוטן שטייען אין טאָל, אָפּגעטיילט איינער פֿון צווייטן אויף אַ פּאָר מעטער. דאָס זענען ברעזענטענע געצעלטן, וואָס זענען צוגעפֿעסטיקט אַרום אַ ברייטן סלופּ, וועלכער שטייט אין מיטן. פֿון אויבן צעגייט זיך דער ברעזענט ווי אַ קליאָש צו דער ערד אין אַ קרײַז פֿון אַרום דרײַ מעטער. עס איז פֿאַראַן אַן אַרײַנגאַנג וואָס מען קען צומאַכן. עס בלאָזט דאָרט צו, עס בלאָזט ניט – דאָס איז ניט וויכטיק. אין די דאָזיקע געצעלטן שלאָפֿט מען. מען רופֿט זיי מאַראַבוטן. מאַראַבוט הייסט אויך אַ הייליקער קבֿר – דער אוהל פֿון אַן איסלאַמישן צדיק.

מיר זענען שטיין געבליבן לעבן די דאָזיקע מאַראַבוטן. עס איז ניט געווען קיין סעלעקציע. אין יעדן מאַראַבוט האָט מען אַרײַנגעזעצט מענטשן לויט די פֿרײַע ערטער וועלכע זענען דאָרט געווען – ביז צען אין אַ מאַראַבוט. אונדזערע חבֿרים, וועלכע זענען שוין דאָרט געזעסן פֿון פֿריִער, האָט עס ניט געשטערט, דעם לאַגער־קאָמענדאַנט האָט עס ניט אינטערעסירט. מיר זענען דאָ, מיר זענען אײַנגעגלידערט געוואָרן. ס'איז אַ לאַגער, אמת, ניט קיין דײַטשישער, קיין עס־עס־לײַט זענען דאָ ניטאָ, מען קען זיך פֿרײַ באַוועגן.

אַ ביסל העכער שטייען שוין אויסגעבויטע הײַזלעך. אַהין זענען מיט דער צײַט אַריבער אונדזערע חבֿרים, וועלכע זענען געקומען פֿריִער. מאַכט זיך ניט קיין אילוזיעס – קיין היגיענישע אײַנריכטונגען זענען אויך דאָרט ניטאָ. פֿאַר די מענטשלעכע באַדערפֿענישן איז פֿאַראַן אַן אָפֿענער גרוב, אַ ביסל ווײַטער פֿון די וווינערטער, נענטער צו די שטעכלדראָטן.

ווען דו וועסט אַרויסגיין בײַ נאַכט צום גרוב, וועט אַ וועכטער אַ געשריי טאָן:

– או – טי – פֿאַ? (או – טי – וואַ?) וווהין גייסטו?

דו דאַרפֿסט ענטפֿערן: "ק....ן" אָדער: "פּ...ן"

דאָס איז אַלץ וואָס דער וועכטער וויל וויסן.

פֿאַראַן אויך הײַזקעס, אומבאַדינגט נייטיקע פֿאַר אַ לאַגער, ווי אַ סעקרעטאַריאַט, אַ פּראָוויזאָרישער שפּיטאָל און די קוך.

זענען מיר אַזוי געשטאַנען אין דרויסן פֿאַרן מאַראַבוט, און אונדזערע חבֿרים, געקומענע אַהער פֿריִער, האָבן אונדז באַקענט מיטן לאַגער און זײַנע געזעצן.

– זעסט דאָס וואָלקנדל דאָרט הויך אין הימל, – האָט אונדז אויפֿגעקלערט אונדזער חבֿר, – ס׳וועט דאָרט שטיין רויִק הײַנט, מאָרגן, זיך ניט רירן, ס׳האָט צײַט. אין לאַגער ווערנעט, אין פֿראַנקרײַך, האָט מען געזאָגט, אַז דעם שליסל פֿון לאַגער האָט מען אַרײַנגעוואָרפֿן אין ים. דאָס טירל פֿון אונדזער לאַגער האָט אַפֿילו קיין שליסל ניט. אָבער ס׳איז ניט געפֿערלעך: 306 קילאָמעטערס ווײַט פֿון אַ יישובֿ, בײַ 55 גראַד היץ בײַ טאָג און איין גראַד בײַ נאַכט. וועט קיינער ניט לויפֿן...

הערסט זיך צו צו די רייד פֿון די אינטערנירטע, קוקסט און מעסט דיווירקלעכקייט, און עס מאָלט זיך דיר דאָס בילד: אַלזשיריע, אַ קאָלאָניע פֿון פֿראַנקרײַך, אונדזער לאַגער, ווען ער איז אַפֿילו טיף אין דער סאַהאַראַ האָט ער זײַנע כאַראַקטער־שטריכן. דאָ איז ניטאָ דער דײַטשישער אָקופּאַנט, וואָס ראַבעוועט און פֿירט אַרויס אַלץ וואָס עס לאָזט זיך, און פֿון אײַנגעשטעלטן מינימום לאָזט זיך ניט אַראָפּדריקן. דער מינימום אין דער קאָלאָניע איז איצט גינסטיקער איידער דער מינימום אין דער מעטראָפּאָליע. אָבער די דעפּאָרטירטע און פֿאַרשיקטע ווײַט אויף די

אַלזשירער זאַמדן וואָלטן געדאַרפֿט פֿאַר מיר מאָלן אַ בילד אין גאָר שוואַרצע קאָלירן, און איך זע פֿאַר זיך אַ פֿינף הונדערט חבֿרים, פֿאַרשיקטע פּאָליאַקן, ייִדן, שפּאַניער, דײַטשן, רומענער פֿון דער בריגאַדע און סתּם ייִדן גאָט די נשמה שולדיק, וועלכע מען האָט אַהער דעפּאָרטירט – זיי זענען ניט אין קיין ערגערן צושטאַנד ווי אין פֿראַנקרײַך. הער איך זיך צו צו די גרויל־דערציילונגען פֿון מײַנע חבֿרים און לאָז זיי פֿרײַ אויסדריקן זייער פֿאַנטאַזיע.

אָט אַזאַ פֿאַקט – איך בין דערבײַ ניט געווען: דער קאָמענדאַנט קאַבאָש האָט אויסגעשטעלט די רייען און אַ באַפֿעל געטאָן:

– ייִדן, קאָמוניסטן, דרײַ טריט פֿאָרויס!

נו, האָט ער געזאָגט, אָבער קיינער האָט זיך ניט גערירט. וועט ער זיך נאַריש מאַכן? ער האָט געדראָט און געדראָט און – גאָרניט. דערצו וואָלט ער געדאַרפֿט האָבן קאָהאָרטעס פֿון דער עס־עס. און אַ היסטאָרישן גרונט, אַן אַנדערן ווי פֿראַנקרײַך מיט איר דעקלאַראַציע פֿאַר מענטשנרעכט. ער האָט מיט שווערער מי באַוויזן אַרויסצורײַסן אַ צענדליק פֿון דער פּוילישער גרופּע פֿון דער אינטערבריגאַדע – אַריער, אַנטיקאָמוניסטן, זיי האָט ער געגעבן בעסערע אַרבעט, בעסערע וווין־באַדינגונגען, בעסער עסן. אָבער קיין ווילטאָג האָבן זיי ניט באַקומען. בײַם אויסטיילן דאָס עסן האָבן זיי באַקומען די ערשטע לעפֿל פֿון טאָפּ. אויב זיי האָבן עס געקענט אַראָפּשלינגען אין די אויגן פֿון אונדזערע חבֿרים, וואָס האָבן אויף דער דאָזיקער הזירײַ געקוקט, איז עס זייער ענין. אונדז האָט עס געעקלט און ניט געשטערט.

די אויסגעטיילטע גרופּע האָט זיך מיט אונדזער גרופּע ניט געמישט – זיי האָבן אונדז ניט אויסגעפֿעלט. דאָס לעבן אין אונדזער גרופּע איז געווען גוט אָרגאַניזירט קולטורעל, עקאָנאָמיש, חבֿריש און דערפֿאַר רײַכער. מיר האָבן באַמערקט, אַז עס זענען געווען איינציקע, וועלכע האָבן באַוויזן צו געהערן צו דער אָפּגעשפּאָלטענער גרופּע און אָנצוהאַלטן גוטע באַציִונגען מיט אונדזערע. זיי זענען געווען געטרײַ די געזעצן פֿון טעגלעכן לעבן פֿון געוויסע מענטשן און ניט געווען מיט וואָס זיך איבערצונעמען.

# דער ריַיכער קאַסקרוט

נו, לאָמיר אָנהייבן אַ נאָרמאַלן טאָג...

אין דער פֿרי אַרום אַכט איז געווען דער אַפּעל. שרעקט זיך ניט פֿאַרן וואָרט – וואָס אַפּעל? ווער אַפּעל? מען איז ניט געשטאַנען שעהענלאַנג, געציילט און איבערגעציילט. איך געדענק ניט, אַז מען זאָל בכלל האָבן געציילט. וואָס, עס וועט ווער אַנטלויפֿן ביַי נאַכט? אַלע זענען דאָ? אלע! איז מען זיך צעגאַנגען צוריק אין די מאַראַבוטן, באַראַקן, באַקומען די קאַווע, די פּאָרציע ברויט און אַוועק צו דער אַרבעט. זענען אַלע געגאַנגען צו דער אַרבעט? ניין, ניט געמוזט, ניט געווען קיין צוואַנגאַרבעט. די, וועלכע האָבן געאַרבעט האָבן באַקומען אַ האַלב פֿערטל ברויט און אַ פֿערטל ליטער רויטן וויַין ווי אַ צוגאָב צום וויקט. דאָס איז געווען ניט שלעכט און אויסגעפֿילט די ציַיט.

צו דער אַרבעט? ניט געווען קיין סך אַרבעטן. מיר האָבן געלעבט אין מידבר, דאָרט זענען ניט געווען קיין פֿאַבריקן, קיין אַרבעטערטער, יעדן פֿאַלס, ס'האָט ניט געקלעקט פֿאַר אַלעמען.

לאָמיר זען די אַרבעט־מעגלעכקייטן.

אין לאַגער האָט מען געבויט באַראַקן – מען וועט דאָך אייביק ניט לעבן אין מאַראַבוטן, געצעלטן. האָט מען געבויט באַראַקן. אַ פּאָר אַלטע שפּאַניער, בוי־אַרבעטער, האָבן אויפֿגעשטעלט די ווענט פֿון ציגל, וועלכע מיר האָבן געמאַכט אין לאַגער, געלייגט אַ דאַך וואָס מען האָט באַשלאָגן מיט שינדלען, אויך פּראָדוצירט דורך אונדז אין לאַגער. יענע פֿון אונדז,

וואָס האָבן קיין השגה ניט געהאַט וועגן בויאַרבעט, האָבן דערלאַנגט די ציגל, וואַפּנע, שינדלען אויף דער רושטאָוואַניע.

היות מיר האָבן געגעסן פֿלייש, שעפּסנפֿלייש – ס'איז ניט געווען פֿראַנקרײַך, מיר האָבן באַקומען גאַנץ אָפֿט פֿלייש! – האָט זיך מיט דער צײַט אָנגעזאַמלט שעפּסנפֿעל. דער קאָמענדאַנט, קאַבאַש, האָט אויסגעפֿונען צווישן די אינטערנירטע אַ פֿעל־אַרבעטער, וועלכער האָט זיך אונטערגענומען אויסצואַרבעטן די פֿעל, זי ווייך מאַכן. איך שטעל זיך ניט פֿאָר, אַז דאָס איז געווען אַ רווחדיק געשעפֿט. דייזשעס מיט וואַסער, בעמישע מישונגען האָב איך דאָרט געזען, אָבער ריכטיק אויסגעאַרבעטע פֿעל – ניט.

אויך די בויאַרבעטן זענען ניט תּמיד געווען מיט הצלחה. ניט איין מאָל האָט דער דאַך, שוין אַ באַלייגטער מיט דאַבלקעס, אין אַ האַלבקרײַז געפֿעסטיקטע איינע צו דער אַנדערער מיט גיפּס, ניט געוואָלט באַשטעטיקן דעם כּוח פֿון דרוק און גראַדע געדרוקט אין אַן אַנדערער ריכטונג, און דער דאַך האָט זיך צוזאַמענגעבראָכן.דער אַלטיטשקער מויערער האָט זיך געקראַצט די פּאַטיליצע, געזוכט די סיבה דערפֿון: דער גיפּס איז ניט געווען גענוג פֿריש? ניט שנעל געטריקנט? ניט גענוג שנעל געלייגט? – גיי ווייס! ער האָט מיט דער צײַט געפֿונען די סיבה און מיר האָבן דאָך באַוויזן צו זען דעם באַראַק, אַ געדעקטן מיט אַ האַלב־קײַלעכדיקן דאַך. נו, סוף־כּל־סוף איז עס דאָך געווען אַן עקספּערימענטאַלע אַרבעט, און מען האָט געמוזט זײַן געדולדיק. געבן דערויף די געהעריקע צײַט. אָבער אין צווישן האָבן די, וואָס האָבן דערבײַ געאַרבעט, באַקומען אַ האַלב־פֿערטל ברויט און אַ פֿערטל ליטער רויטן ווײַן – אַ קאַסקרוט, ווי דאָס האָט געהייסן אויף פֿראַנצייזיש, – אַ פֿאַרבײַסעבץ.

עס זענען אויך געווען אַזעלכע, וואָס האָבן געאַרבעט בײַם פֿלעכטן קוישן פֿון ים־גראָז – אַלפֿאַ. ווער עס האָט געהאַט גענוג ווילן און געדולד האָט אויסגעאַרבעט זײַן נאָרמע אָן גרויסער אָנשטרענגונג און באַקומען זײַן פֿאַרבײַסעבץ.

געווען אויך אַרבעט בײַ זאַפּאַטאַ אין דער ציגלפֿאַבריק. זאַפּאַטאַ איז געשטאַנען פֿאַר דיר ווי אַ פֿעטער געזונטער בלאָק. ער האָט געקענט די

ציגל־אַרבעטן דורך און דורך, ווי אויך די מלאָכה פֿון מאַכן שינדלען.

גענומען לייט, די לייט האָט מען געוועזן אַן אָרט פֿון וועלכן מען האָט גענומען ליים, די ליים האָט מען גערדאַרפֿט ווי געהעריק מיט וואַסער פֿאַרקנעטן און דערנאָך אַרײַנשיטן אין אַ פֿאָרעם – אַ קעסטל פֿאַר צוויי ציגל. דאָס קעסטל האָט גערדאַרפֿט זײַן אין גאַנצן אויסגעפֿילט, אויסגעגלײַכט און נאָך דעם אויסגעליידיקט אויפֿן גלײַכן פֿעלד עס זאָל זיך טריקענען. פֿאַר די שינדלען זענען אויך געווען מוסטער־קאַסטנס.

גראָבן ליים, פֿאַרקנעטן, באַאַרבעטן, אויספֿילן די פֿאָרמען, אויסליידיקן זיי האָבן מיר זיך גיך אויסגעלערנט. נאָך אַ פּאָר טעג טריקענען פֿלעגט מען אַרײַנלייגן די ציגל און די שינדלען אין אַ גרוב, גוט פֿאַרדעקן פֿון אַלע זײַטן, באַלייגן אַלץ מיט האָלץ, צווײַגן, און אָנצינדן. אַ געוויסע צײַט פֿלעגט זיך אַלץ טריקענען. ווי לאַנג? פֿרעגט מיך ניט, דאָס האָט שוין געוווסט זאַפּאַטאַ. ער פֿלעגט שמעקן, פּרוּוון און באַשליסן ווען מען דאַרף אַוועקנעמען די פֿאַרצאַמונג. דערווײַל איז געווען אַ וואָך פֿון 24 שעה אין מעת־לעת, אַ נאַכטוואַך. מען האָט באַדאַרפֿט אַכטונג געבן, האַלטן דאָס פֿײַער, צולייגן האָלץ. מען איז אַהין גערן געגאַנגען. עס איז געווען וואַרעם, געווען ווײַן, קאַווע, ברויט – האָט מען געאַרבעט. אַז עס איז נימאס געוואָרן, האָט מען געשיקט אַן אַנדערן.

געווען אויך אַנדערע אַרבעטן אין דרויסן, דערפֿאַר האָט אַוודאי אונדזער לאַגער־קאָמענדאַנט באַקומען געלט פֿון דער פֿאַרוואַלטונג פֿון שטעטל – אויסצובעסערן דעם וועג צו דזשעלפּאַ. וואָס ער האָט באַקומען דערפֿאַר ווייס איך ניט. אויך די, וועלכע האָבן בײַ אים באַשטעלט די אַרבעט, האָבן אַוודאי עפּעס באַקומען – זיי האָבן אַלע ניט צוגעלייגט צום עסק. אָבער נעמט זיך ניט איבער, מיר האָבן אויך ניט צוגעלייגט צום עסק. מיר האָבן אָנגעלאָדן אַ וואָגן מיט מיסט, אַרויס אויפֿן וועג און אויסגעשאָטן, אויסגעפֿילט די שפּאַלטן, גריבער עס זאָל זײַן גלײַך, איז אָבער מיסט בלויז מיסט און ניט קיין אַספֿאַלט. ווי איר שטעלט זיך פֿאָר איז פֿון דעם קיין מאַקאַדאַם ניט געוואָרן. דער פֿאַרבײַפֿאָרנדיקער פּויער איז מיט זײַן פֿערד און וואָגן אַרויף אויף דעם אויסגעשאָטענעם מיסט, אויף דעם כּלומרשט אויסגעגליכענעם וועג, אָבער דאָס פֿערד, די רעדער האָבן זיך

ניט געלאָזט אָפּנאַרן. דאָס פֿערד האָט זיך געטאָפּטשעט, דאָס מיסט האָט זיך געריירט, די רעדער זענען געגאַנגען אויף לינקס, אויף רעכטס, דער פֿויער האָט זיך געהוידעט, געשלאָטן אויף וואָס די וועלט שטייט. אונדזער קאָמאַנדיר, אַ קאַטאַלאַנער, האָט פֿאַרזשומעט אַן אויג.

– הערט אים ניט, – האָט ער קאָמאַנדעוועט, – שיט ווײַטער. – און מיר האָבן ווײַטער געשאָטן מיסט, שטיינער, בלעכענע פּושקעס, צווײַגן, וואָס האָבן, ווייסט דער גוטער רוח פֿאַר וואָס, זיך ניט געוואָלט צוזאַמענגיסן אין איין צונויפֿגעשמאָלצענער מאַסע. מיר האָבן זיך גוט אָנגעלאַכט, אָבער אויסגעפּילט אונדזער אַרבעט. אַ האַלבפֿערטל ברויט, אַ פֿערטל ליטער רויטער ווײַן גייען ניט צו פֿוס. גוט וואָס מיר זענען געגאַנגען צו פֿוס און ניט געפֿאָרן מיט אַ וואָגן דורכן וועג, וועלכן מיר האָבן פֿאַרריכט...

אַ באַזונדער מין אַרבעט איז געווען די וואַלדאַרבעט. אַ שיינער נאָמען, וואָס? אָבער טרײַבט ניט איבער. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן באַזײַטיקן אַ פֿאַרפֿוילטן וואָרצל, אַ צעפֿרעסענעם בוים, וואָס האָט סתּם פֿאַרנומען שטח. ער איז געווען אַ ביסל גרין, געווען אויף וואָס צו קוקן. כ'האָב זיך אײַנגעקוקט אין נאָענטן לאַנדשאַפֿט און אויף אַ מינוט האָב איך אַ צוואַנציק טריט פֿון זיך דערזען עפּעס און דערשטוינט געוואָרן. אַנשטאָט מײַנע חבֿרים בײַ דער אַרבעט האָב איך דערזען אַ גרין, גרין ווינקל, מיט דיקע פּאַלמעס, מיט פֿעטע צווײַגן, געזעטיקטע מיט וואַסער. אין דער לופֿטן האָב איך געהערט דאָס שפּרודלען פֿון אַ קוואַל, וואָס האָט אָנגעפּילט די לופֿט מיט טראָפּנס. די צווײַגן האָבן זיך גאַווהדיק געהוידעט, געזעטיקט מײַן בליק מיט דער סאַמעט־גרינער קילקייט...

כ'האָב אַ ווײַלע געקוקט אויף דעם וווּנדערלעכן ווינקל, געוואָלט אַריבערלויפֿן אַהין, אָבער דאָרט איז גאָרניט געווען, ס'איז פֿאַרשוווּנדן ווי אַ בילד אין טעלעוויזאָר... כ'בין שטיין געבליבן דערשטוינט – וואָס איז דאָ געווען? אַ פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ? דערשטוינט, האָב איך געקוקט אויף דעם מיראַזש אין סאַהאַראַ. כ'האָב ניט געוואַגט צו פֿרעגן מײַנע חבֿרים, צי זיי האָבן עס אויך געזען. דאָס אַלץ האָט מיר דערמאָנט אַ מיראַזש אין גאָר אַנדערע אומשטענדן. די וויזיע איז געווען אין גאַנצן אַן אַנדערע.

עס איז געווען אין שפּאַניע, ערגעץ אויפֿן דרום־פֿראָנט, צווישן דאָס־

טאָרעס און פּאָזאָבלאַנקאַ. אויפֿן וועג צו מײַן מיליטער־טייל, אַ ניט באַוווינטע געגנט, אַ גענוג ווײַטער מהלך. מײַן שאָפֿער האָט געפֿירט דעם אויטאָ, דער וועג, אַ ניט שטאַרק געפֿלעגטער, עס האָט געטרייסלט, מיד געמאַכט. מיט אַ מאָל האָב איך דערזען אין דער הייך, ווײַט פֿאַר זיך, די צוויי טורמעס פֿון דער קירך פֿון דאָס טאָרעס. זיי זענען געהאַנגען אין דער לופֿטן, אײַנגעראַמט אַרום און אַרום אין דער הימלבלאָקייט, ווי אַ בילד וואָס איז געלאָפֿן פֿאַר מיר, פֿאַר מײַנע אויגן...

דעמאָלט זענען עס געווען טורעמס און דעכער, וואָס האָבן זיך אַרײַנגעפּאַסט אין דער געגנט. אין סאַהאַראַ זענען עס געווען פּאַלמעס, גרינקייט, וואַסער... כ׳האָב דעם שאָפֿער דאַן ניט געפֿרעגט, צי ער האָט געזען וואָס איך האָב געזען, ווי כ׳האָב ניט געוואַגט צו פֿרעגן מײַנע לאַגער־חבֿרים, וואָס זענען געווען מיט מיר בײַ דער אַרבעט, צי זיי האָבן געזען דאָס, וואָס איך האָב געזען. זיי וואָלטן אַוודאי געקוועטשט מיט די פּלייצעס, געפּינטלט מיט די אויגן און שטיל געזאָגט: לאָז אים צו רו, זעסט דאָך, אַז ער רעדט פֿון וועג...

כ׳האָב ניט איין מאָל געטראַכט וועגן די דאָזיקע דערשײַנונגען, צי איז פֿאַראַן אין אונדזער אָרגאַניזם אַ פּסיכישער פֿאַקטאָר וואָס פּראָדוצירט סוראָגאַטן פֿון זאַכן, אין וועלכע מיר נייטיקן זיך, און באַפֿרידיקט אויף אַ ווײַל די באַדערפֿענישן פֿון דער נשמה?

אָנגעשפּאַרט אויף מײַן לאָפּעטע האָב איך געטראַכט וועגן די פֿאַרהוילענישן פֿון מײַן נשמה. פֿאַר וואָס האָבן מײַנע חבֿרים ניט געזען דאָס זעלבע וואָס איך האָב געזען? אין דער יוגנט האָב איך געלייענט בײַ זשול ווערן וועגן מיראַזשן, אָבער דערציילט דורך אַנדערע. דאַכט זיך, אַז סוועז העדין האָט עס אַליין איבערגעלעבט - כאָטש נעם צונויף אַלץ וואָס איז געשריבן געוואָרן וועגן פֿאַטאַ-מאָרגאַנאַ און דערגייט אַ טאָלק.

כ׳האָב געבלעטערט אין זכּרון בלעטלעך פֿון אַ מאָל געלערנטער עלעמענטאַרער פֿיזיק. דאָרט האָט מען מיר אויפֿגעקלערט, אַז דאָס איז אַ רעזולטאַט פֿון דעם, וואָס די שטראַלן קאָנצענטרירן זיך, ברעכן זיך אין אַ געוויסן פּונקט און שאַפֿן בילדער. בין איך עס פּונקט געשטאַנען אויף אַזאַ

אָרט ווו ס'האָט זיך געמערקט דער רעזולטאַט פֿון דער שפּיל פֿון די שטראַלן? פֿאַר וואָס האָבן עס מײַנע חבֿרים, וועלכע זענען געשטאַנען אַ פּאָר מעטער ווײַטער, ניט געזען? כ'בין געשטאַנען מיט אַ פֿוס אויף דער לאָפּעטע און געטראַכט, ביז דער פֿײַף פֿון קאָמאַנדיר האָט מיך אַרויסגעריסן פֿון מײַנע רעיונות. ער האָט אונדז צונויפֿגערופֿן זיך צו פֿאָרמירן צוריקצוגיין אין לאַגער. דאָרט וועל איך באַקומען מײַן קאַסקרוט פֿאַר דער אַרבעט. פֿאַקטיש האָב איך אים שוין באַקומען, און אַ סך אַ העכערן - די וויזיע פֿון אַ פֿאַטאַ־מאָרגאַנאַ, אַ מתּנה פֿון דער נאַטור, וואָס ניט אַלע האָבן באַקומען. כ'וועל עס ניט אויפֿעסן. דאָס וועט מיך זעטיקן אַ לעבן לאַנג און בײַ אַ געלעגנהייט עס ווײַטער דערלאַנגען...

# אויף אַ ייִדישן בית־עולם אין סאַהאַראַ

מיר פֿלעגן גיין אויף פֿאַרשיידענע אַרבעטן. דאָס מאָל זענען מיר, אַ גרופּע ייִדישע אינטערנירטע, געווען גערופֿן געוואָרן צו אַ ספּעציעלער אַרבעט אויסערן לאַגער – ברענגען צו קבֿורה שפּילגאַרנען, אַ פֿאַרשטאָרבענעם אינטערנירטן, אויפֿן ייִדישן בית־עולם...

שפּילגאַרן האָט אונדז ניט ליב געהאַט. מיר זענען פֿאַר אים געווען ניט קולטורעל, ווילד, ווייס איך וואָס – פּוילישע ייִדן. ער, שפּילגאַרן, איז געווען אַ דײַטשישער ייִד. געקוקט אויף אונדז פֿון אויבן אַראָפּ, געהאַט צו אונדז אַ וועלט מיט טענות. איין גאָט ווייסט, אַז מיר זענען גאָרניט שולדיק געווען אין דעם וואָס ער האָט זיך געפֿונען מיט אונדז אין איין לאַגער.

אין דײַטשלאַנד איז שפּילגאַרן געווען אַ בכּבֿודיקער בירגער. אין קאַסעל האָט ער געהאַט אַ גרויסן פֿאָטאָגראַפֿישן געשעפֿט, געאַרבעט, געלעבט בהרחבֿה. מיט קליינע העלע וואָנצעס, שיין פֿאַרקעמט, מיט אַ דיקן סיגנעט אויפֿן קליינעם פֿינגער, מיט אַ גאָלדענעם זייגער, מיט אַ שטעקן מיט אַ ביינערנעם הענטל אַלע סימנים פֿון סטאַטעטשנעקייט, האָט שפּילגאַרן זיך געדרייט איבער די קאַסעלער גאַסן האָפֿערדיק און זיכער.

אַלץ האָט זיך געענדיקט מיט איין מאָל – ווען היטלער איז געקומען צו דער מאַכט.

שפּילגאַרן איז פֿאַרוואָגלט געוואָרן קיין פּאַריז. צי האָט ער אין דײַטשלאַנד איבערגעלאָזט אַ פֿרוי, קינדער? כ׳ווייס ניט. כ׳האָב ניט

געפֿרעגט. עפּעס האָט ער דאָך באַוויזן מיטצונעמען מיט זיך, אַזוי אַז אויך אין פּאַריז האָט ער גיך געקענט זיך פֿאַרשאַפֿן אַ פֿאָטאָגראַפֿישן געשעפֿט. לויט זײַן השׂגה האָט אַלץ ווידער געדאַרפֿט "קלאַפּן" ווי אַ מאָל אין דײַטשלאַנד. פֿאַר וואָס ניט? אָבער עפּעס האָט זיך אין צווישן געענדערט, עפּעס אַזוינס, וואָס שפּילגאַרן האָט ניט פֿאָרויסגעזען – היטלער האָט אָנגעהויבן דעם צווייטן וועלטקריג.

ווי יעדער אויסלענדער האָט זיך שפּילגאַרן געמוזט מעלדן צו די "מאַרש באַטאַליאָנען". ווי אַ געוועזענער דײַטשישער בירגער איז ער אויפֿגעשוווּמען אין פֿרעמדן־לעגיאָן. דאָרט איז יעדער איינער גוט געווען.

– איר זענט געקומען שטאַרבן! – האָט אַ מאָל פּאַטעטיש אויסגערופֿן דער מאַרשאַל ליאָטיי צו די פֿאַרזאַמלטע לעגיאָנערן.

אָבער שפּילגאַרן איז, ווי עס ווײַזט אויס, דאָרטן אויך ניט געפֿעלן געוואָרן. אין יאָר 1940 איז ער אויסגעשוווּמען אין קאָנצענטראַציע־לאַגער בערואַגיאַ, אין צפֿון־אַפֿריקע, אַלזשיר. פֿון דאָרטן איז ער געקומען מיט אַ קליינער גרופּע צו אונדז, אין קאָנצענטראַציע־לאַגער דזשעלפֿאַ.

אין אונדזער לאַגער האָבן זיך געפֿונען שפּאַניער־רעפּובליקאַנער, מיר – אַ גרעסערע גרופּע פֿון די אינטערבריגאַדיסטן – פּאָליאַקן, טשעכן, דײַטשן, אונגאַרן, רומענער און, פֿאַרשטייט זיך, ייִדן. סוף 1941 האָבן די פֿראַנצויזן ניט געוווּסט מיט וואָס די אַלע מענטשן שמעקן און איבערטראַנספּאָרטירט זיי קיין צפֿון־אַפֿריקע.

האָבן זיך דאָ אַרומגעדרייט די פֿאַרשיידנסטע געשטאַלטן – ווער אין אַ שינעל, ווער אין אַ זשאַקעט, אונטערגעגאַרטלט מיט אַ פּאַסיק אָדער אַ שטריק, אין אַ בערעט, אין אַ היטל אָדער אין אַזוינס, וואָס איז ניט געווען קיין בערעט און ניט קיין היטל, אַבי צו זײַן געשיצט פֿון זאַמד און זון.

שפּילגאַרן האָט געוווינט אין איינעם פֿון די צווייַ געמויערטע באַראַקן, וואָס זענען געשטאַנען אין אייבערשטן טייל לאַגער, דעם אַזוי גערופֿענעם ייִדישן, "ברענערס" באַראַק. ברענער איז געווען אַן אַדוואָקאַט פֿון ווין. ער האָט אומעטום אונטערגעשטראָכן זײַן פֿינטלעכע ייִד. דאָס איז שפּילגאַרנען ניט געפֿעלן געוואָרן און ער האָט זיך געהאַלטן ווײַט פֿון אים. אַ ביסל נעענטער, אָבער ווײַט ניט גוט־ברודעריש, איז ער געווען מיט

סורקעסן און גאָלדקרויטן, מיט וועלכע ער האָט געדינט אין פֿרעמדן־לעגיאָן.

– אַ שווערער מענטש, – האָבן סורקעס און שילדקרויט געהויבן די אַקסלען. ער איז תּמיד געווען פֿאַרקרימט, פֿאַרצאָרנט. צו די צרות האָט די פֿרוי, מיט וועלכער ער האָט זיך פֿאַרבונדן אין פּאַריז, בײַ אים צוגענומען דעם פֿאָטאָגראַפֿישן געשעפֿט, דאָס גאַנצע פֿאַרמעגן, ניט געלאָזט הערן פֿון זיך, ניט געוואָלט הערן פֿון אים.

עס זענען פֿאַראַן מאָמענטן און ערטער ווו מען קען ניט זײַן אַליין, מען טאָר ניט זײַן אַליין. צוזאַמען העלפֿט מען זיך אַרויס, מען טראָגט לײַכטער אַריבער די שוועריקייטן. אַ גרויסער פּראָצענט פֿון די אינטערנירטע אין די לאַגערן האָבן אויסגעהאַלטן נאָר אַ דאַנק דער סאָלידאַריטעט. שפּילגאַרן האָט דערפֿון ניט געוווּסט אָדער ניט געוואָלט וויסן און דערפֿאַר באַצאָלט דעם העכסטן פּרײַז. ער איז קראַנק געוואָרן אויף געלזוכט. אַ סך פֿון אונדז האָבן דורכגעמאַכט די דאָזיקע קראַנקייט. חבֿרים האָבן געהאָלפֿן ווי זיי האָבן נאָר געקענט. קודם־כּל האָט מען די קראַנקע אַריבערגעפֿירט אין דער ענפֿערמעריאַ, אַזאַ פּראָוויזאָרישער שפּיטאָל. קיין געבראָטענע טײַבעלעך האָט מען דאָרט ניט געגעסן, אָבער מען האָט געקענט בלײַבן אין בעט, ניט געמוזט אויפֿשטיין צום ראַפּאָרט 7 אַ זייגער אין דער פֿרי, גיין אויף אַרבעט. דאָס מאָגערע עסן האָט מען באַקומען צום בעט, ניט געמוזט וואַרטן אין דער ריי מיט דער מענאַזשקע אין האַנט. חבֿרים פֿלעגן קומען כאַפּן אַ שמועס. קיין דײַטשישער לאַגער איז עס ניט געווען! ווען מען פֿלעגט נאָך אַ פּאָר טעג ליגן פֿון דאָרטן אויסשרײַבן, פֿלעגן די חבֿרים ברענגען אַ פּאָר מאָל אין טאָג וואַרעמע טיי. דאָס איז געווען אַ טיי פֿון צוגעברוינטע און צעשטויסענע טייטלען־קערנער. מיט אַ ביסל צוקער האָט מען עס געקענט טרינקען.

אויך שפּילגאַרן איז אײַנגעאָרדנט געוואָרן אין דער ענפֿערמעריאַ. פֿון איין זײַט פֿון זײַן בעט איז געלעגן גאָדל, אַ קליין יידל פֿון פּאַריזער בעלוויל, פֿון פּלעצל. גאָדל האָט אין זײַן לעבן מסתּמא אַלץ געטאָן: געווען אַ שנײַדער, אַ קוכער, אַ הענדלער, געטאָן אַנדערע זאַכן, וועגן וועלכע ער האָט ניט גערעדט. גאָדל איז געווען אַ דרייער, אַ כּל־בוניק, אַ לעבעדיקער

חבֿרה־מאַן, ניט ליב געהאַט קיין "וויטישע" שטיק - אַ פּראָסטער טאָג לאָקשן. פּאָליטיק איז אים ניט אָנגעגאַנגען. אָבער מיר, ייִדישע חבֿרה פֿון דער אינטערבריגאַדע, זענען פֿאַר אים געווען "אייגענע ייִנגלעך". אויך מיט שפּילגאַרנען האָט ער געפּרוּווט שמועסן (ער איז ניט געווען פֿון די, וואָס שמועסן ניט!) אָבער צום שמועסן מוזן זײַן צוויי, און דער צווייטער, שפּילגאַרן, האָט בפֿירוש אויסגעפּעלט.

פֿון דער צווייטער זײַט איז געלעגן דער "אײַזן־קעניג" בערמאַן, אַ ליטווישער ייִד, אַ ייִד אַ גיבור, מיט אַ טאָרס פֿון אַן אוראַנג־אוטאַנג. אויף די פּאַריזער בולוואַרן פֿלעגט ער באַווײַזן שטיק: געבויגן אײַזערנע שטאַנגען, געריסן קייטן און דערבײַ גערעדט, גערעדט צו פֿאַראינטערעסירן די פֿראַנצייזישע פֿאַרגאַפֿטע צוקוקערס, גערעדט אַ מין "ליטווישן" פֿראַנצייזיש, וועלכן בלויז אַן עכטער ליטוואַק האָט געקענט פֿאַרשטיין...

צווישן בערמאַנען און שפּילגאַרנען זענען בכלל ניט געווען קיין באַציִונגען. בערמאַן האָט געהאַלטן, אַז שפּילגאַרן "שטינקט" פֿון גאווה, און שפּילגאַרן האָט געהאַלטן, אַז בערמאַן שטינקט בכלל.

צו שפּילגאַרנען זענען געקומען אונדזערע אייגענע חבֿרים דאָקטוירים, געפּרוּווט עצהנען, העלפֿן. ס'איז אָבער געווען שווער מיט אים זיך צו דעררייִדן. וואָס שייך דיעטע, האָט ער זיך אַרויסגעוויזן זייער ווייניק דיסציפּלינירט. איין מאָל האָט ער פֿאַר זײַן געלט זיך געלאָזט קאָכן אַ ריזיקן טאָפּ מיט עסן גאָרניט צוגעפּאַסט פֿאַר זײַן געזונט, און געשלונגען פֿאַרכלינדיק זיך. שוין בײַם עסן איז אים שלעכט געוואָרן. אַוועקגעבן וועמען דאָס עסן האָט ער ניט געוואָלט, אויפֿהערן עסן האָט ער ניט געקענט. די קראַנקייט האָט זיך אַנטוויקלט אין אַ בליץ שנעלן טעמפּאָ.

און ממש צו שטוינען, גראָד בײַ אַ קראַנקייט, וואָס האָט ביז איצט ניט פֿאַרשלונגען קיין קרבנות, איז שפּילגאַרן אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין שטעטלשן שפּיטאָל צוליב זײַן קאַטאַסטראָפֿאַלן צושטאַנד, און אין אַ פּאָר טעג אַרום איז צו אונדז דערגאַנגען די ידיעה וועגן זײַן טויט.

אין לאַגער זענען געווען, ווי כ'האָב שוין דערמאָנט פֿאַרשיידענע

אַרבעטן. געווען אויך אַרבעטן אויסערן לאַגער. צו די דאָזיקע אַרבעטן זענען מיר גערן געגאַנגען. ווײַט פֿון לאַגער פֿלעגט זיך צו אונדז אָפּט צושאַרן אַן אַראַבער און פֿאַר אַ פּאָר הויזן, אַ העמד, ווי אָפּגעטראָגן זיי זענען ניט געווען, פֿלעגט מען באַקומען ברויט, רײַז, אייל אָדער פֿלייש. מיר האָבן געקענט זיך אָנעסן צו דער זעט און נאָך מיטנעמען פֿאַר די חבֿרים אין לאַגער. אמת, בײַם צוריקקומען פֿלעגט אונדז די וואַך ווידער אונטערזוכן, ווי בײַם אַרויסגיין, אָבער נישקשה, אונטער די קני, אונטער דער נאָגאַוויצע איז דער וואַך ניט אײַנגעפֿאַלן צו זוכן...

אין מערבֿ־זײַט פֿון לאַגער, אויפֿן באַרג איז געלעגן דער מוסולמענישער בית־הקבֿרות. מיר האָבן אויף אים געקוקט יעדן טאָג, מחמת ער איז געווען נאָענט, פֿאַר די אויגן, און ס׳איז ניט מעגלעך געווען אים ניט צו זען. ערשט שפּעטער זענען מיר געוווּיר געוואָרן, אַז דאָס איז אַ בית־הקבֿרות. ווען האָט עס געקענט אײַנפֿאַלן? אַ גרויסער באַרג מיט פֿאַרשיידענע ניט פֿאָרמירטע שטיינער, אָנגעוואָרפֿענע אָן אַ שום סדר, איז ניט קיין זעלטנקייט אין דער זאַמדיקער, שטיינערנער סאַהאַראַ. קיין לוויות זענען פֿאַר דער צײַט ניט פֿאָרגעקומען, אָדער צוליב זייער ספּעציפֿישן כאַראַקטער האָבן מיר זיי פּשוט ניט באַמערקט. קליינע גרופּעס מענטשן, וואָס האָבן זיך דאָ באַוויזן פֿון צײַט צו צײַט, האָבן אויפֿן פֿאָן פֿון גרויסן באַרג אויסגעזען מילביש קליין. שפּעטער איז אונדז קלאָר געוואָרן, אַז די אָנגעוואָרפֿענע קליינע און גרעסערע שטיינער זענען מצבֿות.

איצט האָבן מיר, אַ גרופּע פֿון צען מאַן, אויסגעשטעלטע אין רייען צו צוויי, באַוואַכטע פֿון אַ גומיע, מאַרשירט צום ייִדישן, ווי מען האָט עס דאָ גערופֿן – איזראַעליטישן, בית־עולם.

דער בית־עולם, אַרומגערינגלט מיט אַ מויער, איז געלעגן אויפֿן האַלבן וועג צווישן שטעטל און אונדזער לאַגער.

דער אַרײַנגאַנג איז געווען דורך אַ טירל. פּונקט ווי דער אַרײַנגאַנג צום אַלטן בית־הקבֿרות אין מײַן געבוירן־שטאָט. האָט טאַקע גלײַך אַ ווייי געטאָן מיט נאָענטער, אייגענער לופֿט. די שלאַנקע טאָפּאָלן האָבן דערמאָנט די בעריאָזקעס וואָס "מורמלען שטיל אַ תּפֿילה", און די העברעיִשע אותיות אויף די מצבֿות האָבן געבראַכט אַ גערוס פֿון דער אַלטער ווײַטער היים,

פֿונעם פֿײַערל אויפֿן פֿריפֿעטשיק פֿונעם רבי מיט די קינדערלעך... דער דאָזיקער בית־עולם אין דער ווײַטער סאַהאַראַ איז מיר ניט געווען פֿרעמד.

עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז שפּילגאַרן איז שוין געווען באַערדיקט. עס האָט זיך געהאַנדלט וועגן פֿאַרשיטן דעם קבֿר און אונטער דער אויפֿזיכט פֿון אָרטיקן רבֿ דורכפֿירן די געהעריקע צערעמאָניע. זײַענדיק אין לאַגער, האָבן מיר שוין אויסגעפֿירט פֿאַרשיידענע אַרבעטן, אָבער דאָס מאָל האָבן מיר בפֿירוש געדאַרפֿט אָפּטאָן די אַרבעט פֿון אַ חבֿרה־קדישה.

דער רבֿ איז נאָך ניט געווען, זענען מיר זיך פֿונאַנדערגעגאַנגען איבערן בית־עולם כאַפּן אַ בליק.

אין פֿלוג זענען עס געווען די זעלבע מצבֿות ווי בײַ אונדז, פֿון דעסטוועגן האָבן זיי געהאַט אייגענע אַקצענטן. אויף אַלע איז געווען אויסגעקריצט דער פּ.נ. אויף אַ סך איז געווען אונטן באַמערקט ״חבֿר פֿון דער חבֿרה״, געמיינט די ״חבֿרה־קדישה״, וועלכע האָט דאָ אַ ברייטערן געזעלשאַפֿטלעכן פֿאַרנעם. ניט אַלע זענען מיטגלידער פֿון דער חבֿרה, און ווער יאָ, טראָגט מען אים נאָך דעם שבֿח.

ערגעץ ניט ווײַט פֿון מיר האָט אַ יונג מיידל, אָנגעטאָן אייראָפּעיִש, ווי יעדער פֿראַנצייזיש מיידל, אין אָרדענונג געבראַכט קבֿרים. כ׳האָב זיך דערנענטערט און געפּרוּווט אָנבינדן אַ שמועס.

– משפּחה־קבֿרים?

– ניין, כ׳בין אַ מיטגליד פֿון דער חבֿרה.

– פֿאַראַן אַ פּרויען־סעקציע אויך? – טראָגט מיך דער טײַוול אונטער איך זאָל אַ שפּאַס טאָן. צום גליק, פֿאַרשטייט זי ניט. מיר שמועסן ווײַטער. ביסלעכווײַז ווערט זי מײַן מורה־דרך.

– דאָס זענען קינדער־קבֿרים.

– ווּ זענען די מצבֿות?

– קינדער־קבֿרים האָבן ניט קיין מצבֿות.

– פֿאַר וואָס?

– ס׳איז אַ סגולה.

– אַ סגולה צו וואָס?

– אַנדערע קינדער זאָלן ניט שטאַרבן.

מיר גייען פֿאַרביַי אַ מצבֿה לעבן וועלכער עס ליגן ניט דערברענטע ליכטלעך, נר־תּמידלעך, בלעכענע פּושקעלעך מיט איַינגעטונקטע אין אייל ניט־דערברענטע קנויטן, שוועבעלעך, עס זעען זיך איילפֿלעקן אויף דער ערד.

– דאָס איז דער קבֿר פֿון רבי.

דער קבֿר איז אַן אָרט פֿאַר ספּעציעלע תּפֿילות אין אַן עת־צרה. ווי עס זאָגט עדות די באַוועגונג אַרום, ווערט ער אָפֿט באַזוכט.

פֿאַמעלעך, פֿאַמעלעך שליַיכן זיך אַריַין דורכן טירל פֿאַרשיידענע פֿיגורן. שאַרן זיך צו זיי צו אונדזערע, פּרווון אָנקניפּן אַ שמועס. לינקס פֿון טויער שטייט אַ הויכער שלאַנקער, קרעפֿטיקער מאַנצביל און זשעסטיקולירט מיט די הענט. ער טראָגט אַ לאַנגן, דינעם טונקעלן כאַלאַט, אַ מין בורנוס, ווי עס טראָגן די אַלזשירער פּויערים. זיַין היטל – אַ קיַילעכדיקער צודעק פֿון ברוינעם קאָליר, אין מיטן – אַ רעדל פֿון באָרדאָ־קאָליר. קיין באָרד האָט ער ניט, נאָר געזונטע מאַהאָמעט־וואָנצעס. שטייט ער אַזוי אַרומגערינגלט פֿון אונדזערע חבֿרים און עס וויַיזט זיך גאָר אַרויס, אַז ער איז טויב־שטום. אָבער נישקשה, אַ כּוח־הדיבור האָט דער מענטש פֿאַר צען ריידעוודיקע. ער זשעסטיקולירט מיט די הענט די גאַנצע ציַיט, לאָזט קיינעם צום וואָרט ניט קומען. אַלץ קלערט ער אויף מיט די הענט. היטלערן – ס'איז יאַנואַר 1943 – מאַכט ער פּאַרטיק: לייגט צו די הענט צום האַלדז, שטעקט אַרויס די צונג און – דערליידיקט. ווייסן מיר שוין ווו ער האַלט מיט אים. מיט די פֿאַשיסטן אויך – שאַך־מאַך מיט דער פֿויסט פֿון לינקס אויף רעכטס, פֿון רעכטס אויף לינקס – קאַפּוט! ער איז אַ שטאַרקער אָנהענגער פֿון דע־גאָלן. פֿאַר וואָס טראָגט ער ניט קיין דע־גאָל־אָפּצייכן, איצט ווען די אַליִירטע זענען שוין אין צפֿון־אַפֿריקע? דאָ קומט אַן אויפֿקלערונג מיט דער פֿויסט אין האַרצן: דע־גאָלס צייכן איז אַ קרייץ פֿון לאָטאַרינגיע, אָבער – ניין! מיר, ייִדן, קענען ניט טראָגן קיין קרייץ, מיר – אַ מגן־דוד... איינס און צוויי, און די גראַפֿישע אויפֿקלערונג איז געמאַכט אין דער לופֿטן.

אפֿשר וואָלטן מיר פֿון דער זשעסטיקולאַציע ניט אַלץ פֿאַרשטאַנען, אָבער לעבן אונדז שטייט דער פֿערצן־יאָריקער נאַנסי און זיַין מוטער, אַן

אַלמנה מיט אַכט קינדער. זיי דערקלערן אונדז שוין אַלץ אין פֿראַנצייזיש. אין נאַנסי, וועלכער איז אָנגעטאָן ווי אַ פֿראַנצייזיש ייִנגל, מיטן בערעט, זעט מען ניט קיין ייִדישן שטריך. דערפֿאַר גרויסט ער זיך, אַז אין דער היים האָט ער אַ גרויס בילד פֿון דער כּותל־מערבֿי...

דעם פֿאָטער האָט ער ניט לאַנג צוריק פֿאַרלוירן. "פֿאַרסמט דורך ייִדן" – קומט די אויפֿקלערונג פֿון דער פֿרוי. דאָס ווײַזט דעם קאַמף, וואָס גייט אָן אין דער קליינער עדה ייִדן, פֿאַרוואָרפֿענע ערגעץ אויפֿן ברעג פֿון סאַהאַראַ. נאָך זײַן מוטערס אויפֿקלערונג פֿאַרגלאָצט נאַנסי די אויגן און שווערט צו נעמען "וועגדעטאַ"... אין פֿלוג דוכט זיך: אייגענע ייִדן, אָבער מינהגים פֿון אַן אַנדער וועלט...

מיט אַ מאָל ווערט די גרופּע אויפֿגעלעבט. אַ קרעפּטיקער ייִד, אַ טיפּ פֿון אַ נאַלעווקער ייִד, אָנגעטאָן אין אַן אַראַבישן ווײַסן בורנוס, דער קאָפּ באַדעקט ווי רמב"ם אויף די בילדער, באַוועגט זיך מיט מונטערע טריט צו אונדז.

דער רבֿ איז געקומען.

זײַן פּנים שמייכלט. דאָס האָט ער געבעטן מען זאָל אונדז צושיקן זיך מתעסק זײַן אַרום טויטן. דער רבֿ האָט אַרויסגערופֿן רעספּעקט בײַ די אַרומיקע. אַפֿילו אונדזער וועכטער בײַם טויער האָט זיך פֿאַרשטעקט אין אַ ווינקל.

דער רבֿ דערנענטערט זיך צו אונדז, גיט אָפּ אַ ברייטן "סאַלעם־אַלייקום" דערלאַנגנדיק יעדן איינעם די האַנט.

אַ רבֿ, ניט קיין רבֿ, פֿאַר אונדז איז ער געווען אַ וויזיע פֿון אַ ייִדן אויף דער פֿרײַ. פֿאַר אונדז איז דאָס געווען אַ געפֿיל פֿון סאַטיספֿאַקציע, רעוואַנש און האָפֿענונג. אונדזערע פּאַלעסטינער חבֿרים האָבן זיך צו אים געווענדט מיט אַ פּאָר העברעיִשע ווערטער. דער רבֿ איז געווען גערירט, זיך צעשוומען אין נחת: איינעם געגלעט איבערן קאָפּ אַן אַנדערן אָנגערירט מיט דער האַנט, געצערטלט.

ער האָט אונדז קלאָר געמאַכט וואָס צו טאָן: אַרויפֿוואַרפֿן אַ פּאָר לאָפּעטעס ערד, פֿאַרגלעטן דעם קבֿר. מיר האָבן עס גיך געמאַכט, און וואָס ווײַטער?

ס׳איז ניט לײַכט געווען צו פֿאַרשטיין זײַן העברעיִש, אָבער מיר האָבן דאָך פֿאַרשטאַנען: ער וויל מען זאָל מאַכן אַן ״אל מלא רחמים״. מיר האָבן זיך איבערגעקוקט. וואָס דאָס איז האָבן מיר געוווּסט, אָבער ווער קען אַזעלכע זאַכן?

– איך וועל מאַכן, – האָט זיך אָנגערופֿן צענטנער, דער געוועזענער סאַניטאַר פֿון דער דאָמבראָווסקי־בריגאַדע, ער האָט זיך אַוועקגעשטעלט – אָסור אויב איך פֿאַרשטיי ביזן הײַנטיקן טאָג – און אָפּגעזאָגט אַן ״אל מלא רחמים״ און דווקא אויף אויסנווייניק, אָן צו פֿאַרהיקען זיך, מיר׳ זענען געבליבן שטיין מיט אָפֿענע מײַלער.

– צענטנער, זאָג קדיש! – האָט אַ רוף געטאָן יאַנקעלע ראַוך.

– וואָס מיינסטו, כ׳קען ניט?

צענטנער האָט זיך ניט געלאָזט אָפּשרעקן און אָפּגעזאָגט אַ קדיש, וועלכן ס׳האָבן ניט באַוויזן צו פֿאַרווישן אין זײַן מוח די יאָרן פֿון רעוואָלוציאָנערן קאַמף, תּפֿיסות. שפּאַניע און די לאַגערן.

דער רבֿ און די אַנדערע ייִדן פֿון דזשעלפֿאַ זענען געשטאַנען אין אַן ענגן קרײַז אַרום אונדז און כּמעט אָן איבעררײַס געזאָגט ״אָמין־אָמין״, ניט ווי געוויינטלעך נאָך דער תּפֿילה, זיי האָבן געזאָגט ״אָמיטן־אָמין״ ווו מען דאַרף און ווו מען דאַרף ניט, גלײַך ווי זיי וואָלטן וועלן באַשטעטיקן, אַז אַלץ איז אמת, אָדער גאָר אויסדריקן זייער אָנערקענונג, אַז די דאָזיקע יונגע־לײַט, אַ סך פֿון וועלכע מיט העלע האָר און בלויע אויגן, זענען דאָך ייִדן...

דער רבֿ האָט דערנאָך אונטערגערוקט איטלעכן זײַן סידור, יעדערער האָט געלייענט אַ פּסוק און ווידער אַ מאָל האָבן זיך געהערט די כּסדרדיקע ״אָמן־אָמן״. די דזשעלפֿער ייִדן האָבן זיך געווישט די אויגן, געוואָרפֿן אויף אונדז בליקן פֿון ליבע און שטאָלץ.

נאָך דער לאַנדונג פֿון די אַלײַירטע אין צפֿון־אַפֿריקע איז דער לאַגער־רעזשים מילדער געוואָרן. מיר האָבן אַפֿילו באַקומען דערלויבענישן צו גיין אין שטעטל און זענען געוואָרן אָפּטע אײַנגייערס ביי די דזשעלפֿער ייִדן.

מיר זענען זיך לסוף צעפֿאָרן, ווער קיין פֿראַנקרײַך, ווער ווײַטער.

שפּילגאַרן איז געבליבן אויפֿן דזשעלפֿער בית־עולם, אין סאַהאַרער מידבר. ווײַט האָט אים דער גורל פֿאַרטראָגן.

# מענטשן אין מידבר

אין דער טיפֿער סאַהאַראַ, ווײַט פֿון מענטשלעבן אויפֿברויז און טומל, באַרויִקט זיך אַ ביסל דאָס געמיט. דער פֿאַטאַליזם פֿון מידבר ווירקט, דאָס זאַמד־קערנדל ליגט, ליגט אָן באַוועגונג, געסמאַליעט פֿון דער זון בײַ טאָג, געקילט פֿון דער קעלט בײַ נאַכט, גיט עס דער ווינט אַ הוידע, הייבט עס אויף, טראָגט עס אַהין, אַהער. אָבער מענטשן זענען ניט קיין זאַמד־קערנדלעך. מיר לעבן ניט געקוקט אויף ווינט און רעגן, מיר לעבן מיטן לעבן, מיר פֿאָלגן עס נאָך, און דאָס געמיט איז ניט רויִק, גלײַכגילטיק.

מיר באַקומען יעדן טאָג אַ פֿראַנצייזישע צײַטונג און זי ווערט געלייענט פֿאַרן באַראַק אין אַ סימולטאַנער איבערזעצונג. מעג די צײַטונג שרײַבן ווי זי וויל, מיר ווען שוין אַלץ פֿון איר אַרויסבאַקומען. אַ צײַטונג ברענגט פֿאַקטן אין אַ טויטער פֿאָרם. די ווערטער זענען געגעבן אָן אַ טאָן – דעם טאָן גיט דער פֿאָרלייענער, און ווי זאָגט דער ענגלענדער – דער טאָן מאַכט די מוזיק! מען דאַרף נאָר קענען לייענען, און די ווירקלעכקייט שטייט אויף פֿאַר דיר אַ קלאָרע. זי איז ווײַט אַוועק, אָבער כ׳וואָלט ניט געזאָגט אַז ווײַט פֿון די אויגן איז ווײַט פֿון האַרצן – די דאָזיקע וועלט איז אונדז נאָענט און טײַער – זי גייט אונדז אָן.

זײַן אין קריג און לייענען וועגן קריג איז ניט די זעלביקע זאַך, גייט דאָס לעבן דאָ אַ ביסל צוגעטעמפּט, אָבער עס גייט. מען צייכנט זיך אַ מאַפּע, מען באַשטעקט זי מיט פֿענדעלעך, מען בײַט זייער אָרט מיט טרויער, מיט פֿרייד – מיר, די ווײַט פֿאַרטריבענע, זענען דאָ אויף די פֿראָנטן, באָטש מיר

זענען אין סאַהאַראַ. מיר לעבן לויט די געזעצן פֿון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע, אַרומגענומענע מיט זאַמד, צוגעפּרעגלטע פֿון דער זון, אין מאַראַזם. כ׳מעג קווטשען דעם זכּרון מיטביידע הענט, קיין רעגן דערמאָן איך זיך ניט. די זון בײַ טאָג איז שטענדיק דאָ – אַ מאַיעסטעטישע און אַליין־הערשנדיקע.

מײַן דײַטשישער חבֿר פֿונעם נאָענטן מאַראָבוט האָט אַרײַנגעלייגט אַן איי אין אַ קליין טעפּעלע מיט וואַסער. ער שטייט אין דרויסן און מיט אַ פֿאַרגרעסער־גלאָז קאָנצענטרירט ער די זון אויפֿן וואַסער. לויט אַלע כּללים דאַרף עס הייבן די טעמפּעראַטור פֿון וואַסער, ברענגען עס צו הונדערט גראַד, צום קאָכן, און דאַן וועט ער האָבן אַ פֿאַרטיק איי צום עסן. אָבער די נאַטור האָט צײַט און אירע באַדינגונגען. קיינער וועט ניט קוועסטיאָנירן די פֿעסטשטעלונגען פֿון צעלסיוס, רעאָמיר, פֿאַרנהייט, אָבער איך האָב געלאָזן מײַן דײַטש מיטן טעפּעלע, מיטן איי אין וואַסער, מיטן פֿאַרגרעסטער־גלאָז אין דער האַנט און בין געגאַנגען צו דער קיך, ווו מען וועט באַלד אויסטיילן דעם מיטאָג.

דער מיטאָג – זופּ, צוזאַמענגעשטעלט פֿון פֿאַרשיידענע גרינסן: לינדזן, רײַז, טייטלען, טייל מאָל באַרײַכערט מיט שעפּסנפֿלייש, וואָס איז אַ מאָל יאָ געשמאַק אַ מאָל ניט געשמאַק, אָבער מען עסט עס.

– ווען כ׳וועל באַפֿרײַט ווערן פֿון לאַגער, – האָט מיר פֿאַרטרויט מײַן חבֿר זײַן טרוים, – וועל איך אויספּילן מענאַזשקעס מיט לינדזן, אַוועקשטעלן זיי אויפֿן טיש און זיי איין נאָכן אַנדערן אַרויסוואַרפֿן אין מיסטקאַסטן. מײַן חבֿר האָט זיך אַ ביסל צוגעאײַלט. מיטן גאַנג פֿון אונדזער זײַן אין לאַגער האָבן מיר זיך אויסגעלערנט מאַכן געשמאַקע מאכלים אויך פֿון דעם, וואָס מײַן חבֿר האָט געהאַלטן בײַם אַרויסוואַרפֿן. אין קאָכן איז גילטיק דער אַלגעמיינער כּלל: ס׳איז ניט קיין קונץ צו מאַכן פֿון געלט בלאָטע, די קונץ באַשטייט אין מאַכן פֿון בלאָטע געלט.

שטילן דעם הונגער ווערט מיט דער צײַט ניט נאָר אַ פֿיזישע באַדערפֿעניש, נאָר שאַפֿט אַ געוויסן פּסיכישן צושטאַנד – אַלע געדאַנקען דרייען זיך אַרום עסן. אין די לאַגערן, ווען מען האָט אײַנגעאָרדנט אַן אָוונט פֿון געזאַנג און פֿאַרווײַלונג, האָסטו שטענדיק געהערט וועגן עסן: חוזק

פֿונעם עסן וואָס מען באַקומט, טרוימען וועגן עסן פֿון אַ מאָל, וועגן אַ קאַרפֿנקאָפּ מיט אַ רעפֿטל פֿון אַ מער אין פּיסק... אין סך־הכּל פֿון די דאָזיקע בענקענישן און טראַכטענישן לערנט מען זיך אויס שאַפֿן, "אָרגאַניזירן", ווי מען האָט עס גערופֿן, עסן. געווען אַזעלכע וועלכע האָבן עס פֿאַרשטאַנען פֿון ערשטן טאָג, פֿון דער ערשטער רגע. אויף דער פֿראַנצייזישער ערד, אויפֿן וועג צו אונדזער לאַגער אין סאַן־סיפּריען, האָט איזאַק ביילאָוויטש ערגעץ "פֿאַרטשעפּעט" אַ קו און געפֿירט זי אויף אַ שטריק. חבֿרה האָבן געקוקט, געלאַכט – וואָס וועט ער דערמיט טאָן? מיר זענען געווען אַ פּאָר טויזנט אויף דעם דאָזיקן לאַגער־אָפּשניט, נו, האָט ווער אין אַ פּאָר טעג אַרום געוווּסט ווו די קו איז אַהינגעקומען?...

טײַערער איזאַק ביילאָוויטש, ער איז געפֿאַלן אין דער שלאַכט פֿאַר לענינאָ.

אין סאַהאַראַ האָט צו אונדז קיין קו ניט פֿאַרבלאָנדזשעט, אָבער פֿאַרשיידענע הינט – יאָ. נו, האָט עס ניט געטויגט? די צרה איז געווען וואָס מיט דער צײַט זענען די הינט ווייניקער געקומען... האָבן מיר געלעבט פֿון לינדזן. לינדזן אַליין האָבן ניט קיין טעם. דאָס זעלבע מיט רײַז אַליין, אָבער אַז מען מישט דיביידע צוזאַמען, כ'ווייס ניט ווי עס וואָלט געשמעקט אויף דער פֿרײַ, אָבער אין לאַגער האָט עס געהאַט אַ טעם גן־עדן!

און די נאַטור איז אויך טייל מאָל האַרציק גוט. אין מידבר, נאָענט צו אַן אָאַזיס זענען טייטלען ניט קיין זעלטנקייט און אויך די ווײַסע טייטלען, וועלכע זענען זיס, ממש צוקער. צו אונדז זענען דערגאַנגען די טייטלען וואָס זענען אַראָפּגעפֿאַלן בײַם אַראָפּנעמען זיי פֿון פּאַלמענבוים. די אַראַבער האָבן זיי געזאַמלט און אונדז פֿאַרקויפֿט. זיי זענען געווען געמישט מיט בלעטער, גראָז, ערד, אָבער ניט געפֿערלעך, מיט האָבן זיי געוואַשן, גערייניקט, געקענט רויִק עסן. איז ווידער די זעלבע מעשׂה־טייטלען אַליין? וויפֿל קען מען זיי עסן? זיי זענען מיט דער צײַט נימאס געוואָרן. אָבער פֿאַרמישט מיט רײַז איז דאָס עסן געוואָרן גאָר באַטעמט. צעלייגטע אויף טעלערלעך, אויסגערעכנט אויף קאַלאָריעס און וויטאַמינען האָבן זיי זיך באַזונדערש הויך געשאַצט.

ווען מיר גייען אַרויס אויף פֿאַרשיידענע אַרבעטן, גייען מיר פֿאַרבײַ

דאָס טירל פֿון לאַגער. דער וועכטער, דער אַראַבער אין זײַן בורנוס, שטייט און וואַכט. וואָס זשע וועט ער שוין זען, אויב מיר וועלן אַרויפֿציִען נאָך אַ העמד אויף זיך, אַרומדרייען אויף די לענדן נאָך אַ פּאָר הויזן און ווייס איך וואָס נאָך? לאַכט ניט, מיר וועלן עס שוין גוט פֿאַרנוצן. ערגעץ אין דרויסן וועט זיך צו אונדז צושאַרן אַן אָפּגעריסענער, אָפּגעשליסענער פֿעלאַך, אַן אָרעמער אָבער מיט אַ סך לעבנס־חכמה און מיט אויגן געעפֿנטע אָדער געשלאָסענע וועט ער אַ פֿרעג טאָן, צי מיר האָבן עפּעס צו פֿאַרהאַנדלען. אַוודאי האָבן מיר – מיר זאָלן ניט האָבן? מיר זענען דאָך פֿון לאַגער, רומיס, אייראָפּעער, ווײַסע... דער אָרעמער אַראַבער זעט אונדז מיט זײַן רײַכער פֿאַנטאַזיע, עפּעס אַזוינס האָבן מיר שטענדיק, וואָס פֿאַר אים וועט עס שוין גוט זײַן: אויסגעריבענע הויזן, אַ צעריסן העמד, אָפּגעטראָגענע שיך, זאָרגט ניט, ער וועט שוין דערפֿון מאַכן אַ לײַט. דערפֿאַר וועט ער דיר געבן אַ פֿלעשל בוימל, אייל, אַ זעקעלע רײַז, עפּעס פֿון אַ שעפּס און נאָך אַזעלכע זאַכן, וואָס וועלן אָנקומען מיט אונדז אין לאַגער אַרײַן. ווי אַזוי מיר וועלן עס אַרײַנפֿירן? זאָרגט ניט, מיר וועלן עס גוט באַהאַלטן, אונטער דער נאַגאַווקע פֿון די הויזן, אין ערטער ווו מען זוכט ניט. מיר וועלן שמייכלען, לאַכן, דעם וועכטער פֿאַררעדן די ציינער – מיר וועלן עס שוין אַרײַנבאַקומען. אין יעדן באַראַק איז פֿאַראַן אַן אייוועלע צו וואַרעמען, וועט מען אַרויפֿשטעלן אַ טאָפּ מיט צונויפֿגעמישטע פֿון אַלע מינים דערראָבערטע שפּײַזן – ס'וועט שוין זײַן געשמאַק און גוט. אויב אין באַראַק איז ניטאָ קיין אייוועלע, איז אויך ניט קיין אומגליק – האָלץ, שפּענער, אָפּפֿאַל קען מען שטענדיק געפֿינען און מען וועט מאַכן אַ פֿײַער ערגעץ אין דרויסן, הינטער די ווענט פֿון די באַראַקן.

פֿון צײַט צו צײַט האָבן אונדזערע אויפֿזעער דורכגעפֿירט אַ רעוויזיע אין די באַראַקן, צי עס געפֿינען זיך ניט וועלכע ניט איז טרייפֿע זאַכן, ווי צום בײַשפּיל, האָלץ. דער באַראַק־עלטסטער איז געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך פֿאַר אַזעלכע "עבֿירות". אַזאַ פֿאַראַנטוואָרטלעכער איז געווען דער שפּאַניער ראָמאַ. ער האָט געשריבן לידער אין שפּאַניש און איז אָנגעגאַנגען פֿאַר אַ קענער פֿון פֿראַנצייזיש. דערפֿאַר איז ער געווילט געוואָרן פֿאַרן באַראַק־עלטסטן.

– וואָס איז דאָס? – האָבן אים אַ מאָל אַ פֿרעג געטאָן די וועכטער בײַ אַזאַ רעוויזיע און געוויזן אויפֿן געפֿונענעם האָלץ אונטערן בעט. ס'איז ניט געווען סימפּאַטיש. עס האָט געשמעקט מיט קאַפּאַרעלי – אַ קאַלטע שטיינערנע תּפֿיסה. עס איז גאָרניט קיין ליבע זאַך צו זיצן אויפֿן שטיין דאָרט. האָט זיך ראָמאַ פֿאַרטיידיקט אין אַזאַ "קלאָרן" פֿראַנצייזיש, אַז מיר אַלע און די וועכטער האָבן זיך הילכיק צעלאַכט. דאָס האָט דעם אַלטיטשקן ראָמאַ געראַטעוועט.

אַזוי האָבן די פֿאַרשיידענע אַרטיקלען וואָס זענען אַרײַנגעפֿאַלן אין אונדזערע הענט אונדז געהאָלפֿן צו שטילן דעם הונגער – מיר זענען געשטאַנען אויף די פֿיס. אַלע? ניין, עס זענען געווען דרײַ, וועלכע האָבן ניט אויסגעהאַלטן. דרײַ קרבנות. אין פֿאַרגלײַך מיט די פֿאַרלוסטן אין די לאַגערן אין דײַטשלאַנד און אין די גולאַגן איז עס סטאַטיסטיש אַ גאָר קליינע צאָל, אָבער דאָס איז ניט קיין פֿאַרדינסט פֿון אונדזער לאַגער־קאָמענדאַנט. ער האָט געהאַט אין זיך געגוג רישעות, ער האָט אָבער ניט געהאַט דעם געהעריקן אַפּאַראַט צו רעאַליזירן זײַנע טײַוולאָנישע פּלענער – ניט דעם טײַוולאָנישן היטלעריסטישן שטאַב, ניט דעם סטאַליניסטישן פֿאַראַנוי־אַפּאַראַט. פֿון דער צווייטער זײַט האָט ער אָנגעטראָפֿן אויף אַ באַוווסטזיניקן, געשלאָסענעם קאָלעקטיוו, וועלכער האָט מיט זײַן טאָג־טעגלעכער האַלטונג צו נישט געמאַכט זײַנע פּלענער.

קיין קלאָזעטן זענען ניט געווען – בלויז אויף איין אָרט איז געווען אַ גרוב, ניט צוגעדעקט פֿון אויבן, און איבער אונדז איז ניט געווען קיין דאַך. עס איז ניט געווען קיין וואַסער וואָס זאָל די אומריינקייט אָפּפּירן און ניט קיין קאַלך פֿאַר מינימאַלער היגיענישער שוץ. דאָס איז געווען פֿאַר דער גרויסער באַדערפֿעניש, פֿאַר דער קליינער איז גאָרניט געווען.

וועגן אַ באָד איז ניטאָ וואָס צו רעדן – ניט געווען אַזעלכס. ווען עס האָבן זיך באַוויזן אין אונדזער וועש פּליי און אַלע אַנדערע צוגאָבן, האָבן מיר ביסלעכווײַז, אָן טאַראַראַם, געשאַפֿן סאַניטאַרישע מעגלעכקייטן. ליידיקע בלעכענע פּושקעס האָבן מיר אָנגעפֿילט מיט וואַסער, אַרײַנגעלייגט אין זיי אונדזער וועש. די פּושקעס האָבן מיר געשטעלט אויף שטיינער, צווישן זיי געלייגט צווײַגן, האָלץ, אַלץ וואָס איז געקומען אונטער דער

האַנט און געמאַכט אַ פֿײַער. אויפֿגעקאָכט וואַסער האָט אויסגעפֿילט די ראָלע פֿון אַ דיסאינפֿעקטאָר. אָבער פֿון וואַנען האָבן מיר געהאַט וואַסער? ניט לאַנג האָב איך געלייענט אַ מיינונג פֿון פּראָפֿעסאָר נעלסאָן גליק, אַז מדינת־ישׂראל גיט אויס מיליאָנען צו געפֿינען דאָס גאָלד פֿון מידבר – נאַפֿט, אין דער זעלביקער צײַט האָט דער מידבר אונטער זיך אַ ים מיט וואַסער – פּשוט גאָלד. איך האָב דעמאָלט וועגן דעם ניט געוווּסט, אָבער כ'האָב געזען ווי פֿונעם באַרג לעבן לאַגער, אין מידבר, פֿליסט וואַסער, לויטער קוואַליק וואַסער אין אַ היפּשער מאָס. מיר האָבן דאָס פֿליסן אָרגאַניזירט, געננומען אין די הענט. מיר האָבן דאָס אָרט, אַרומגעבויט מיט שטיינער און צעמענט, אין אַ געוויסן אָפּשניט אַרײַנגעזעצט צווישן זיי דרײַ שטאָלענע רערן, און דאָס וואַסער איז געפֿלאָסן פֿרײַ, ריין – וואַסער צו יעדער זאַך. מיר האָבן דאָרט געוואַשן אונדזער וועש און מיט צוגעגרייטע ברעטלעך, ענלעכע אויף האַקמעסערס, האָבן מיר געהאַקט אונדזער וועש אַזוי, אַז דאָס שמוץ איז פֿון דעם אַנטלאָפֿן.

דער לאַגער, ווי כ'האָב שוין דערמאָנט, האָט געהאַט אַן אינפֿערמעריע – אַ מין פֿעלד־לאַזאַרעט. איך דערמאָן זיך ניט אַז עס זאָלן דאָרט האָבן געווען רעצעפּטן. ווען עס איז עמעצער ערנסט קראַנק געוואָרן פֿלעגט מען אים אַריבערפֿירן אַהין. דאָס גוטע איז געווען וואָס ער האָט ניט געמוזט אויפֿשטיין פֿון בעט, שטעלן זיך צום אַפּעל, און דאָס עסן – דאָס זעלביקע ווי פֿאַר אַלעמען – פֿלעגט ער באַקומען צום בעט. אונדזער אייגענער דאָקטער פֿלעגט נאָכפֿאָלגן דעם צושטאַנד פֿון קראַנקן און אין אַן ערנסטן פֿאַל, מיט דער אײַנשטימונג פֿון דאָקטער פֿון שטעטלשן שפּיטאָל, פֿלעגט ער אַריבערגעפֿירט ווערן אַהין. די וויכטיקסטע אַרבעט איז געווען העלפֿן די קראַנקע, וועלכע פֿלעגן ווײַזן סימנים פֿון וועלכער עס איז אָנשטעקנדיקער קראַנקייט. אַזאַ קראַנקייט, וועלכע האָט זיך געלאָזט שטאַרק פֿילן, איז געווען די געלזוכט. דאַכט זיך, אַז 75 פּראָצענט פֿון אונדז האָט דורכגעמאַכט די דאָזיקע קרענק. אויך פֿאַר די, וועלכע זענען געלעגן אין "פֿערמעריאַ" (לאַזאַרעט). האָבן אונדזערע חבֿרים דאָקטוירים געזאָרגט. זיי האָבן אַכטונג געגעבן מען זאָל זיי צושטעלן דרײַ מאָל אין טאָג צו טרינקען, אַ סך טרינקען. טייטל־קערנס האָבן זיי געמאָלט, געמאַכט פֿון

זיי אַ מין קאַווע, וואָס מיר פֿלעגן טרינקען. ניט געקוקט אויף דעם האָבן מיר געהאַט דריַי טויטפֿאַלן. דאָס איז אַ פּיַינלעכע זאַך. אָבער אַלץ איז געטאָן געוואָרן, אַז דער רעזולטאַט פֿון די קראַנקייטן זאָל רעדוצירט ווערן צום מינימום.

געווען זענען אויך אַנדערע קראַנקייטן און גאָר ניט ווייניק־ניט צו דערמאָנען גריפּעס, העקסנשוסן און כּלערליי מינים קרענק, אָבער אַ דאַנק זעלבסט־דיסציפּלין און ווילן, וויסן און איבערגעבענער אַרבעט פֿון אונדזערע דאָקטוירים און חבֿרים זענען אַלע אַרויס פֿון לאַגער. חוץ די אומגליקלעכע דריַי.

צווישן אונדז זענען געווען דאָקטוירים. איינער פֿון זיי איז געווען עמנואל שטאָקמאַן, ער איז געפֿאַלן שפּעטער אין דער שלאַכט פֿאַר לענינאָ. אין שפּיץ פֿון זיי איז געשטאַנען ד״ר לעאָן סאַמעט. דאָס האָט ער ענערגיש אָנגעפֿירט מיט דער סאַניטאַרישער אַרבעט – אים קומט אַ באַזונדערער דאַנק. אין פּוילן איז ער געשטיגן ביזן ראַנג פֿון אַ גענעראַל און געשטאַנען בראָש פֿון דער סאַניטאַרישער דינסט פֿון דער פּוילישער אַרמיי – כּשר פֿאַרדינט!

# קולטור

עסן איז אַ פֿיזישע באַדערפֿעניש – דער הונגער שרײַט. קולטור איז אַ גײַסטיקע באַדערפֿעניש – זי שרײַט ניט, זי איז קולטורעל, אָבער זי שפּאַרט אַרויס פֿון אַלע אבֿרים, קומט צום אויסדרוק דורך פֿאַרשיידענע וועגן, ווי פֿאַרשיידן עס איז דער ניוואָ פֿונעם מענטשן.

כ׳וועל ניט דערציילן וועגן גרויסע זאַכן – אויף קיין אוניווערסיטעטן אין לאַגער דאַרף מען זיך ניט ריכטן. דער מענטשלעכער דאָרשט נאָך קולטור האָט געפֿונען זײַן אויסדרוק לויט די באַדערפֿענישן און פֿעיִקייטן פֿון די מענטשן.

אָט זעסטו אַ גרופּע וואָס שפּילט רויִק די פֿראַנצייזישע קאָרטנשפּיל־בעלאָט. דאָס איז ניט קיין רעשיקע שפּיל – מען שפּילט ניט אויף געלט. מען דאַרף צו איר ניט קיין קאָפּ־ברעכעניש, מען דאַרף ניט טראַכטן, מען דאַרף בלויז קענען די כּללים פֿון דער שפּיל, וועלכע זענען זייער פּשוט. מען שפּילט זי גערן, זי ברענגט צוריק צו יענע טעג אויף דער פֿרײַ אין דער היים. אין אַ שבת צו נאַכטס האָבן זיך די געסט צעטיילט אויף גרופּעס און געשפּילט. מען האָט דערלאַנגט טיי, קאַווע, קוכן – ס׳איז געווען אָנגענעם, ליב. מען האָט די שפּיל פֿאַרבראָכן מיט אַ ווערטל, אַ וויץ, געשפּילט און זיך געוויצלט, אַפֿילו ווען דער פּאַרטנער האָט געמאַכט אַ פֿעלער. עס איז געווען מענטשלעך. חבֿריש שפּילט מען אויך דאָ – דאָס דערמאָנט די אַלטע גוטע היימישע טעג, וועלכע מען פֿאַרגעסט ניט, וועלכע מען וויל ניט פֿאַרגעסן.

און אָט שיילט זיך אויס פֿאַר דײַנע אויגן אַן אַנדערע גרופּע, די ברידזש־שפּילערס. דאָ גייען שוין אַרײַן אין חשבון די מער אינטעלעקטועלע. דער מוח דאַרף אַרבעטן – ווילסט פֿירן די שפּיל? וויפֿל פּונקטן האָסטו? וויפֿל דאַרפֿסטו? אויף וויפֿל לאָזט זיך דײַן קעגנער? ער ליציטירט, הערסט אים גוט, קוקסט אין דײַנע קאָרטן און שאַצסט אים אָפּ; ער האָט מערער צי ווייניקער פֿון דיר. די ליציטאַציע איז די בריק (ברידזש) צווישן דיר און אים, באַמי זיך אים ריכטיק אָפּצושאַצן. טראַכט מען, ציילט מען די פּונקטן, ניטאָ קיין צײַט צו שמועסן. די שפּיל הייבט זיך אָן. לייגסט שטיל אַנידער דײַן קאָרט, וואַרטסט צו זען וואָס דײַנע מיטשפּילער וועלן אַוועקלייגן. מען וווּנדערט זיך טייל מאָל אויף דעם וואָס דער קעגנער טוט, מען קרימט זיך ווען דער פּאַרטנער אַנטוישט. אין צווישן פֿאַלט אַ וואָרט, אַ וויץ, ווערסט געוווירר ווער דײַן פּאַרטנער איז, מענטשן באַקענען זיך (שפּעטער, אין מײַן דיפּלאָמאַטישער אַרבעט איז מיר די ברידזש־שפּיל זייער צוניץ געקומען...).

אַן אַנדערע גרופּע זענען די שאַכשפּילערס – אויך אַ שפּיל ניט אויף געלט. אַ וואָרט, אַ וויץ שאַט ניט, אָבער מען קוקט אויף דער שאָכבּרעט. קוקן און טראַכטן האָט נאָך קיינעם ניט געשאַדט.

קולטורעלע באַדערפֿענישן זענען פֿאַראַן פֿאַרשיידענע. מען זיצט אָפּגעשלאָסן, ס'איז פֿאַראַן פֿרײַע צײַט, פֿאַר וואָס זי ניט אויסניצן כּדי עפּעס צו לערנען. צו לערנען אַ פֿרעמדע שפּראַך האָבן קיין אַמאַטאָרן ניט געפֿעלט. עס האָט זיך שוין געפֿונען דער ריכטיקער מענטש, וועלכער האָט געקענט, געהאַט פֿעיִקייטן און ווילן צו העלפֿן. אין דזשעלפֿאַ האָט אַ גרויסע גרופּע, וואָס האָט געוואָלט לערנען פֿראַנצייזיש, געפֿונען צו דעם צוועק בערנאַר לעקאַשן, דער לייטער פֿון ליקאַ (פֿאַרבאַנד צום קאַמף קעגן אַנטיסעמיטיזם), אויטאָר פֿון עטלעכע ווערק וועגן פּאָגראָמען אין אוקראַיִנע. די ווישי־רעגירונג האָט אין אים געזען אַ געפֿאַר פֿאַר פֿראַנקרײַך און אים פֿאַרשיקט קיין דזשעלפֿאַ – די רשעותדיקע ווישי־רעגירונג האָט ניט געוווּסט, אַז דערמיט האָט זי אים געראַטעוועט, און מיר האָבן געקענט לערנען רויִק די פֿראַנצייזישע שפּראַך און עפּעס מער.

אַ פֿרעמדע שפּראַך זעט אויס פֿאַר געוויסע מענטשן ווי אַ ווײַטע זאַך –

זיי קענען ניט, זיי ווייסן ניט, – איז ניט. עס איז אָבער ניט אַזוי: איך בין געלעגן אויף מײַן געלעגער, בעסער געזאָגט אויף מײַן קויקע, אָדער פּריטשע פֿון ברעטער, אויף וועלכע ס'איז געלעגן מײַן שטרויזאַק. כ'בין געלעגן אויפֿן רוקן, געהאַלטן אַן ענגליש בוך פֿון ע. וועלעס, געהאַלטן הויך איבער זיך און געמאַכט שפּראַכאיבונגען, אין אַ מין סימולטאַן איבערגעזעצט שטילערהייט אויף פּויליש. "לייען וועלעסן – האָט מיך סורקעס צוגערעדט, – ס'וועט דיך אַרײַנציִען. האָב איך געלייענט, כאָטש קיין אָנהעגנער פֿון קרימינאַל־ראָמאַנען בין איך ניט געווען. דער געדאַנק, אַז עס וועט מיך דערנענטערן צו דער ענגלישער שפּראַך האָט מיר צוגעגעבן חשק – האָב איך געלייענט. כ'האָב ווײַזט אויס געלייענט אַ לענגערע צײַט, כ'בין מיד געוואָרן און איבערגעריסן.

– לייען, לייען ווײַטער, – האָב איך פּלוצים דערהערט אַ דרינגענדיק קול פֿון מײַן חבֿר, וועלכער איז געלעגן לעבן מיר. כ'האָב אים ביז איצט אַפֿילו ניט באַמערקט. איך האָב געלערנט ענגליש, און ער האָט הנאה געהאַט פֿון דער דערציילונג, אַרײַנגעצויגן געוואָרן, געוואָלט וויסן וואָס געשעט ווײַטער... עס האָט אים פֿאַראינטערעסירט.

קיין ביכער האָבן ניט געפֿעלט, ס'איז בלויז נייטיק געווען אַ ביסל צײַט, אַז די ביכער זאָלן זיך באַווײַזן אויף דער אויבערפֿלאַך. דער, וואָס האָט געפֿירט מיט זיך אַ בוך יאָרנלאַנג – היט עס ווײַטער אייפֿערזיכטיק, און ווער האָט עס ניט אין די ווינקעלעך פֿון זײַן רוקזאַק, צי וואַליזקע, אַ בוך וואָס איז אים אייגן, אינטים, נאָענט? ער לייענט עס נאָך אַ מאָל, נאָך אַ מאָל, וויל עס אויסהאַלטן ביז ער וועט באַפֿרײַט ווערן, דאַן וועט ער עס ווײַזן, אָדער לייענען פֿאַר אַ נאָענטן, מיט וועמען ער האָט וועגן אַזאַ טעמע גערעדט, דיסקוטירט. ער האַלט עס שטיל, בסוד, פֿאַר זיך, ביז ער דערזעט אַ צווייטן מיט אַ בוך אונטערן אָרעם. מען הייבט אָן צו שמועסן און עס קומט צו אַ ביכער־אויסטויש. דאָס איז ניט קיין איינמאָליקע דערשײַנונג. פֿאַראַן מער מענטשן מיט ביכער, הונגעריקע אויף ביכער, און מיט דער צײַט ווײַזט זיך אַרויס, אַז אין לאַגער איז פֿאַראַן אַן אוצר מיט ביכער, און וואָס פֿאַר אַ ביכער! אָפּגעקליבענע, געשעצטע פֿירט מען מיט זיך. אויב מען פֿירט אַדורך דורך אַלע שווערקייטן, מוז עס ווערט זײַן. קרוינוווערק פֿון דער

פֿראַנצייזישער, ענגלישער, רוסישער, דײַטשישער, ייִדישער ליטעראַטור – אַלץ האָסטו געקענט באַקומען, און עס האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ ביבליאָטעק מיט שטרענגע כּללים: גענומען, אָפּגעהיט, צוריקגעגעבן. און וואָס מער שפּראַכן מען האָט געקענט, אַלץ רײַכער זענען געווען די לייען־מעגלעכקייטן. עס האָבן זיך געשאַפֿן דיסקוטאַנטן גרופּעס פֿון פֿיר, פֿינף, זעקס פּערזאָן, וואָס זענען זיך צוזאַמענגעקומען און דיסקוטירט איבער אַ בוך אָדער גאָר איבער די ווערק פֿון אַ שרײַבער, פֿון אַזעלכע שרײַבערס ווי באַלזאַק, טאָלסטוי, סטענדאַל, דיקענס.

ניט תּמיד איז דער מאָגן געווען פֿול, ניט תּמיד איז געווען דער ציגאַרעט, נאָך וועלכן מען האָט געלעכצט, אָבער דאָס שמועסן איבער אַ בוך איז געווען אַ ניט שלעכטער צוגאָב צו אונדזער וויקט.

בײַ אַנדערע איז געווען דער דראַנג צו מוזיק, געזאַנג.

עס דערמאָנט זיך מיר: נאָך אין פֿראַנקרײַך, אין ווערנעט־לאַגער, האָב איך פֿון אַ באַראַק, אָנגעפּילט מיט ברעטער, דערהערט אַ פּרעכטיקע שטימע, אַ העלדישן באַריטאָן. איך בין צוגעגאַנגען, ניט געוואָלט אַרײַנגיין, שטערן. דאָס האָט קאַנטשין, אַ רוסישער זינגער פֿון דער רוסישער עמיגראַציע אין פֿראַנקרײַך, אויסגעגאָסן זײַן נשמה דורך זײַן פּרעכטיקער שטימע, וואָס האָט זיך געגאָסן פֿון אים אין דער באַגלייטונג פֿון יאָמערדיקן אַרום.

ניגונדיקע נשמות טרעפֿסטו אומעטום. פֿאַרבײַגייענדיק דערהערסטו אַ לידל, אַ ליד, אַ ניגון, ס׳איז אַזוי שיין, אַזוי גוט עס צו זינגען – שאַפֿט זיך אַ כאָר. עס שטייען דאָרט צו מענטשן, – מיטן קאַמערטאָן אין האַנט עקזאַמענירט מען דאָך קיינעם ניט! – און ס׳געפֿינט זיך שוין עמעצער ווער עס שרײַבט די מוזיק – ערשטע שטים, צווייטע, אײַנגעקלאַמערט אין אַ גאַנצקייט, און עס געפֿינט זיך שוין אויך עמעצער, וואָס רעפּעטירט מיטן כאָר, דיריגירט. מען וואָלט אפֿשר געקענט קוועסטיאָנירן די קוואַליפֿיקאַציעס פֿונעם דיריגענט, אָבער קיינער גייט ניט אַזוי ווײַט – זאָל ער זײַן, ס׳מוז דאָך זײַן אַ דיריגענט.

ווען כ׳בין דעם ערשטן אָוונט אַרויס אין לאַגער מיט אַ חבֿר זיך דורכצושפּאַצירן, איז צו אונדז דערגאַנגען אַ געזאַנג – דאָס האָט דער

רוסישער כאָר מעבטיק, ריטמיש געזונגען אַ רוסיש פֿאָלקסליד.

– כ׳וועל זיך אָנשליסן אין דעם כאָר, – האָט מײַן חבֿר מיט בלישטשענדיקע אויגן גלײַך באַשטימט.

אַ באַזונדערע דערשײַנונג זענען די מוזיקערס. דו ווייסט ניט בײַ וועמען ס׳איז אײַנגעהילט אין אַ פֿײַנעם געוואַנט אַ פֿלייט, וואָס ליגט ערגעץ פֿאַרבאָרגן, אַ פֿידל, אַ סאַקסאָפֿאָן, אַ גיטאַרע, אַ מאַנדאָלינע, אַ באַנדזשאָ. און אָוונט, נאָך דער אַרבעט, נאָכן אָוונטברויט דערטראָגן זיך צו דיר קלאַנגען פֿון אַ כליפּענדיקן קלאַרנעט, אַ זילבערנעם קול פֿון אַ פֿלייט, באַרײַכערט מיט טענער פֿון אַ פֿידל, מיט באַגלייטנדיקע טענער פֿון אַ גיטאַרע, וואָס ווערן צעטראָגן אין פֿאַרשיידענע וואַריאַנטן דורך אַ סאַקסאָפֿאָן. עס טראָגן זיך קלאַנגען פֿון פֿאַרשיידענע ערטער. אָבער מיט דער צײַט קומען זיי זיך צוזאַמען ווי אַן אָרקעסטער און צעשאַלן לידער, פֿראַגמענטן פֿון גראַנאַדאָס, שובערט און טאָקע אויך לידער געשאַפֿענע אויפֿן אָרט, לידער אייגענע, וועלכע ווערן שנעל אויפֿגעכאַפּט דורך די אינטערנירטע.

מיט דער צײַט האָבן פֿײַערלעכע מאָמענטן, נאַציאָנאַלע געשעענישן, יום־טובֿים געפֿאָדערט דעם אויפֿטריט פֿון אַן אָרקעסטער. דער לאַגער, צוליב זײַן נאַציאָנאַלן צוזאַמענשטעל, האָט געהאַט ניט ווייניק אַזעלכע אָוונטן און געקענט זיי אויספֿילן מיט אַ גאָר רײַכער קולטורעלער פּראָגראַם. אויף זינגען און רעציטירן האָט מען אין יעדער גרופּע געקענט געפֿינען געהעריקע כּוחות. מען האָט געהאַט צוגעגרייט אַ ליטעראַרישן טייל – אַ געדיכט פֿון גאַרסיאַ לאָרקאַ, אַמאַדאָ, כעזוס הענאַנדעז, בראָניעווסקי, אַ הומאָרעסקע פֿון זאָשטשענקאָ אָדער טאַקע אַ דערציילונג פֿון שלום־עליכם. ס׳זענען אויך געווען אַזעלכע וואָס האָבן געשריבן געדיכטן, דערציילונגען, הומאָרעסקעס, געשריבן אָדער איבערזעצט, און מענטשן האָבן זיך געוויילט, געסמאַקעוועט און אַוועק אויפֿגעמונטערטע, צופֿרידענע, מיט פֿרישע כּוחות.

אין אונדזער לאַגער האָט זיך לסוף אײַנגעשטעלט אַ געוויסער מאָדוס־וויוועגדי, וועלכער איז דורך דער לאַגער־אדמיניסטראַציע כּמעט אָנגענומען געוואָרן. אונדזער לאַגער־קאָמענדאַנט איז קיין מלאך ניט

געווען, אָבער די שׂינאה פֿון פֿראַנקרײַך צום דײַטש, צום "באָש", וועלכן מען האָט איצט גערופֿן "שלעו", איז ווי תּמיד געווען שטאַרק. די קלענסטע מפּלה פֿונעם דײַטשישן אָקופּאַנט האָט געשטאַרקט די פֿראַנצייזישע שׂינאה, געזייט האָפֿענונג. איך וועל קיין פּסיכאָ־אַנאַליז פֿון דעם קאָמענדאַנט ניט מאַכן – ער איז געווען גענוג קלוג צו פֿאַרשטיין, אַז וואָס גרעסער עס זענען דעם שׂונאס מפּלות, אַלץ קלענער מוזן ווערן זײַנע חזירײַען קעגן אונדז.

אויך מיטן מידבר האָבן מיר מיט דער צײַט געפֿונען אַ געמיינזאַם לשון – כאָטש ניט אין אַלץ. די אַראַבער וואָס זענען תּמיד געווען באַדעקט פֿון קאָפּ ביז די פֿיס אַזוי, אַז מען האָט קוים זייער נאָז אַרויסגעזען – מיר זענען כּמעט אַלע געווען אין שאָרטן, נאַקעט ביז העלפֿט – האָבן אויף אונדז געקוקט און ניט געקענט פֿאַרשטיין:

– איר וועט דאָך פֿאַרברענט ווערן!

און אפֿשר זענען זיי גערעכט געווען, אָבער דאָס איז ווידער געווען אַ פֿראַגע פֿון צײַט... און מיר האָבן אין משך פֿון טאָג געפֿלאָכטן קוישן, געגאַנגען צו דער אַרבעט, געפֿײַערט געוויסע יום־טובֿים, יאָרטעג, געמאַכט קליינע און גרעסערע אָוונטן מיט טעאַטער, געזאַנג און אָרקעסטער. אונדזער כּוח איז געוואַקסן און איבערגעוואַקסן די ראַמען פֿון לאַגער.

אין איין שיינעם אָוונט זענען אונדזערע מוזיקערס, דער אָרקעסטער גערופֿן געוואָרן אויפֿצוטרעטן, געבן אַ קאָנצערט אין שטעטל, לעבן וועלכן עס האָט זיך געפֿונען אונדזער לאַגער דזשעלפֿאַ. דאָס האָט אונדז געגעבן אַ טאָפּלטע סאַטיספֿאַקציע. דער אָוונט איז פֿאָרגעקומען אין קאָנצערטזאַל, וועלכן עס האָבן געבויט אונדזערע חבֿרה. דער זאַל מיט אַלע זײַנע צוגעהעריקייטן איז צוגעגרייט געוואָרן דורך זיי ביזן לעצטן פּרט איבערצוגעבן אַ מתּנה די אײַנוווינער פֿון שטעטל. אָבער ווי גיט מען עס איבער אַ קאָנצערט-געבײַדע אַ ליידיקע, אָט אַזוי, אָן אַן אינהאַלט? האָבן מיר צוזאַמענגעשטעלט, טאַקע מיט אונדזערע כּוחות אין לאַגער, אַ פּראָגראַם פֿאַרן אָוונט. עס זענען געווען שפּאַניער פֿעיִקע צו זינגען אַ "פֿלאַמענקאָ", טאַנצן אַ "כאָטאַ", "סאַרדאַנאַ", געווען רומענער פֿעיִקע צו זינגען אַ נאָגנדיקע "דוינע", פּאָליאַקן צו טאַנצן אַ פֿלאַמיקן "מאַזור" און

רוסן, אוקראַיִנער צו דערלאַנגען אַ "קאַזאַטשאָק", אַז פֿונקען זאָלן פֿליִען פֿון דער פּאָדלאָגע, און איבער אַלץ האָט אונדזער אָרקעסטער אַ שאַל געטאָן איבער דער מידברישער פּוסטקייט, פֿאַרפֿלייצט זי מיט רײַכע, האַרציקע טענער פֿון מאָצאַרט, שומאַן, ביזע, גראַנאַדאָס, און דער עולם אין זאַל, וואָס איז באַשטאַנען פֿון דער לאַגער־אַדמיניסטראַציע, זייערע משפּחות און סתּם אײַנוווינער פֿון שטעטל האָבן געגאַפֿט, אַפּלאָדירט.

אָט דעם דאָזיקן רײַכן רעגנבויגן פֿון קולטור האָבן צו זיי געבראַכט מענטשן פֿון לאַגער, וואָס זענען איצט געשטאַנען פֿאַר זיי אויף דער בינע, ריינע, מיט אַ געזונטן רוקנביין, גלײַך און שטאָלץ, מענטשן, וועלכע די ווישי־רעגירונג האָט געוואָלט דערוויַטערן, געשיקט אין מידבר. די אייניקלעך פֿון די פֿראַנצייזישע ענציקלאָפּעדיסטן האָבן פֿאַרגעסן, אַז דעם גײַסט קען מען ניט צוימען ניט מיט זאַמד אַרום און אַרום, און ניט מיט שטעכלדראָט.

מענטשן, וועלכע זענען פֿאַרשיקט געוואָרן זיי זאָלן אויפֿגעגעסן ווערן דורכן מידבר, האָבן לסוף זיך געזעצט מיטן מידבר צו איין טיש.

## מיטן טראָט פֿון דער צײַט

ווען דו לעבסט אײַנגעקלאַמערט אין די אייגענע ד אַמות, אין באַגרענעצטן לאַגער־שטח, אַרומגענומען מיט שטעכלדראָט און מידבר פֿון אַלע זײַטן, ווערט פֿאַר דיר דער באַגריף פֿרײַהייט בלויז אַן אָפּקלאַנג פֿון ווײַטע צײַטן. אָבער דו פֿאַרגעסט זי אויף קיין רגע ניט. זי איז אין דײַן נשמה אַן אָאַזיס, ווו עס פֿליסט שטענדיק אַ פֿרישער קוואַל, ווו זאַפּטיקע צווײַגן בייגן זיך אונטער זייערע טראָפּנס און פֿייגל פֿילן אויס די לופֿט מיט זייער צוויטשען. דאָס לעבט אין דיר אינעווייניק, אָבער אין דרויסן – אין דרויסן איז זאַמד און שטיין, אַפֿילו אַ ווינטל קומט ניט פֿאַרבײַ דיך אַ צערטל צו טאָן.

אָבער שטיל קלינגט אָפּ אין דעם אַרום דער מעכטיקער טראָט פֿון דער צײַט אויך צו דיר.

ווען עס איז צו אונדז אין לאַגער דערגאַנגען די ידיעה אַז די אַלײִרטע כּוחות האָבן זיך אַרויסגעזעצט אויף די ברעגן פֿון צפֿון־אַפֿריקע אין אַלזשיר, טוניס און מאַראָקאָ, האָט דער קאָשמאַר, אין וועלכן מיר האָבן געלעבט, געפּלאַצט. ער איז געלעגן אַ פּגר בײַ אונדזערע פֿיס, אָבער מיר האָבן ניט געוואַגט איבער אים צו טרעטן. דעם אמת וואָס האָט אַרײַנגעפּראַלט אין אונדזער לעבן האָבן מיר מיט פֿרייד אויפֿגעכאַפּט, אָבער מיט די אויגן פֿון אונדזער נשמה האָבן מיר געזוכט, געגישטערט – צי איז עס אמת?

ווי געווײנטלעך האָבן מיר באַגעגנט די וועכטער, די פּראַנצויזן פֿון דער

אַדמיניסטראַציע, דעם קאָמענדאַנט קאַבאָש, מיר האָבן זיי געבודקט, געוואָלט דערפֿילן וואָס זיי טראַכטן. צווישן זיי און אונדז איז אַלץ געווען אַ מויער פֿון פֿאַרדאַכט, שוין ניט אַזאַ האַרטע אָבער ער איז געווען. זיי האָבן דאָ און דאָרט געוויזן אַ צוגעטעמפּטן שמייכל, אָבער מיר האָבן אַרויפֿגעצויגן אויף אונדזער פּנים אַ פֿרייַען ברייטן שמייכל.

מיר האָבן ווײַטער געטאָן אַלע אַרבעטן און אויסגעפֿילט אַלע אויפֿגאַבעס, דאָס עסן איז אונדז געוואָרן געשמאַקער. די אָוונטן פֿון מוזיק, געזאַנג און וואָרט זענען געוואָרן אַן אָפּטע דערשײַנונג, זיי האָבן געקראָגן פֿרײַע, ברייטערע, פֿריילעכע ראַמען.

אין האַרצן האָט געגומען פֿרעסן דער צווייפֿל, צי ווייסט מען אין די הויכע פֿענצטער וועגן אונדז דאָ, אין דער טיפֿער סאַהאַראַ? אין דער הויכער מיליטערישער אַמעריקאַנער קאָמיסיע האָבן מיר געלייענט וועגן אַ פּערזענלעכקייט מיטן נאָמען בערנשטיין. צווישן אונדז האָט זיך געפֿונען אונדזער חבֿר פֿון דער אינטערבריגאַדע אימעק בערנשטיין, איז ער ניט אַ מאָל אַ קרובֿ זײַנער? און צו אַ קרובֿ – און ווען אַפֿילו ניט – טאָר מען ניט שרײַבן? האָבן מיר זיך אָוועקגעזעצט מיט אימעקן און געשריבן צו זײַן אַמעריקאַנער פֿעטער, אים באַגריסט מיטן גרויסן זיג פֿון די אַלייִרטע אַרמייען און דערציילט אים, אַז עס שרײַבט דער זון פֿון – און דאָ האָט ער אָנגעגעבן זײַן נאָמען, דעם נאָמען פֿון זײַן טאַטן בערנשטיין, דערציילט פּרטים פֿון זײַן משפּחה און דער עיקר וועגן זיך, וועגן זײַנע מעדיצינישע לימודים אין טשעכאָסלאָוואַקײַ, פֿון וואַנען ער איז אַוועק קיין שפּאַניע מיטן פּולן דאָקטאָר־טיטל, און ווי ער איז אַרויס פֿון דאָרט, געוואָרן אינטערנירט אין די לאַגערן אין פֿראַנקרײַך און פֿון דאָרט דעפּאָרטירט געוואָרן קיין צפֿון־אַפֿריקע, אין לאַגער דזשעלפֿאַ, 306 קילאָמעטער פֿון אַלזשיר, אין סאַהאַראַ. "כ'וועל דיר ניט דערציילן אַלץ – לאַגער איז לאַגער! כ'וואָלט זייער געוואָלט פֿון דיר הערן, ליבער פֿעטער, דיך זען..."

דער בריוו איז געשיקט געוואָרן רעקאָמענדירט, און מיר האָבן זיך אָוועקגעזעצט וואַרטן אויף אַן ענטפֿער. פֿונעם הויכן קאָמיסאַר איז קיין ענטפֿער ניט געקומען, פֿון אונדזער לאַגער־קאָמענדאַנט אויך ניט – ער האָט דערמיט געוויזן אַ סימן – דלות. אין אַן אַנדערער צײַט וואָלט עס זיך

געענדיקט מיט אַרעסט־קאַפּאַרעלי, מיט סאַנקציעס, אָבער עס האָט זיך באַשטעטיקט, אַז די צײַטן האָבן זיך געענדערט. ווּהין דער בריוו איז דערגאַנגען איז שווער צו זאָגן, נאָר ביסלעכווײַז האָט זיך גענומען צייכענען אַ בריק צווישן אַלזשיר און אונדזער לאַגער. אין אַ שיינעם טאָג איז אַראָפּגעקומען אַ דזשיפּ פֿון אַלזשיר מיט אַ שליח. ער האָט געהאַט אַ געהעריק פּאַפּיר און אַרויסגענומען צוויי שפּאַנישע חבֿרים פֿון לאַגער. נו, איז ניט געווען מער קיין ספֿק – דאָרט אין די הויכע פֿענצטער ווייסט מען שוין פֿון אונדז. מיר האָבן פֿרײַ אָפּגעאָטעמט.

אין לאַגער האָבן זיך גענומען באַווײַזן קאָמיסיעס, גרייטע אונדז צו ווערבירן אין געוויסע מיליטערישע איינהײַטן. צום ערשט זענען עס געווען מיליטער־לײַט מיט ווײַסע קעפּיס – פֿון פֿרעמדן־לעגיאָן. בײַ אונדז, מענטשן מיט אַ באַשטימטער אידעאָלאָגיע, האָבן זיי קיין דערפֿאָלג ניט געהאַט. דערנאָך זענען עס געווען פֿאָרשטייער פֿון דער פּוילישער אַרמיי פֿון לאָנדאָן. אויך זיי זענען אַוועק כּמעט מיט ליידיקע הענט. דאָס האָבן מיר בײַ זיי קיין חן ניט געפֿונען: שפּאַניע־קעמפֿערס, ייִדן. האָבן די פּאַנעס פֿאַרקרימט די נאָז אונטער די וואָנצעס און גאָר ווייניק אָנגענומען אַפֿילו פֿון די, וועלכע זענען גרייט געווען זיך צו אַנגאַזשירן. עס האָבן זיך דערנאָך באַוויזן ענגלישע מיליטער־לײַט, גרייטע צו אַנגאַזשירן פֿאַר זייערע זשעניע־איינהײַטן. זיי האָבן אונדזערע פּאָליטישע ציצית ניט געבודקט, אין די הויזן ניט אַרײַנגעקוקט – זענען געווען אַ פּאָר צענדליק פֿון אונדז וואָס זענען אַוועק מיט זיי.

עס איז אָבער געבליבן אַ היפּשער קערן וואָס האָט זיך ניט גערירט. ״מיר זענען אַנטיפֿאַשיסטן – האָבן די פֿאַרבליבענע געטענהט, – מיר האָבן אָנגעהויבן דעם קאַמף קעגן די נאַציס פֿריִער פֿון אײַך, שטעלט אונדז ניט קיין באַדינגונגען, מאַכט ניט קיין אָפּקלײַב, לאָזט אונדז אַרויס אויף דער פֿרײַ, ס'איז מלחמה, וועלן מיר זיך אָנשליסן!״ און מיר זענען געבליבן וואַרטן אויף דער באַפֿרײַונג. מיר האָבן געוואַרט אין לאַגער, וואָס איז ניט מער געווען קיין לאַגער, אין אַ פֿרײַהייט וואָס איז ניט געווען קיין פֿרײַהייט. מיר זענען אַרויסגעגאַנגען פֿון לאַגער, געגאַנגען אין שטעטל, צוריקגעקומען. דער וועכטער איז געשטאַנען בײַם טירל – ער האָט גאָרניט

געזאָגט. מיר האָבן באַזוכט די ייִדישע אײַנוווינערס פֿון דזשעלפֿאַ, וואָס האָבן ניט געוואָלט גלייבן אַז מיר, מיט אונדזערע ווײַסע פּנימער, בלויע, גרינע, קלאָרע אויגן זענען ייִדן.

כ׳דערמאָן זיך וועגן איינער אַ באַגעגעניש: אין איינעם פֿון מײַנע שפּאַצירן פֿון לאַגער אין שטעטל האָב איך שטאַרק חשק געהאַט זיך צו באַקענען מיט אַ ייִדיש הויז אין דער טיפֿער סאַהאַראַ. כ׳האָב זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ מײַנע לאַגער־חבֿרים וועגן אַ ייִדיש הויז אין דזשעלפֿאַ, ווו עס זענען פֿאַראַן שאַנסן מען זאָל מיר עפֿענען די טיר.

מען האָט מיר אָנגעגעבן אַ פֿאַמיליע, וועלכע האָט מיר געקלונגען נאָענט צו גוזלן אָדער אַ ביסל ענלעך צו דעם. איך האָב ניט געפֿאָרשט – וואָס קען זײַן? כ׳בין געגאַנגען אַ פּרוּוו טאָן.

כ׳בין לײַכט דערגאַנגען צום הויז, עס האָט אויסגעזען גאַנץ באַלעבאַטיש. כ׳האָב אָנגעקלונגען. עס האָט מיר געעפֿנט אַ סימפּאַטישער מענטש אין די פֿופֿציקער. ער האָט געקוקט אויף מיר מיט פֿאַרוווּנדערטע אויגן.

– כ׳בין אַ ייִד, אַן אינטערנירטער פֿון לאַגער, – האָב איך זיך באַמיט באַרויִקנדיק זיך פֿאָרצושטעלן. ער האָט אויפֿגעהויבן זײַנע געדיכטע, שוואַרצע ברעמען, געעפֿנט ברייט די אויגן. – איך האָב זיך פֿאַרבענקט נאָך אַ היימישער סבֿיבֿה, – האָב איך פֿאָרגעזעצט, – שטער איך אײַך?

ער האָט געקוקט אויף מיר. איך האָב באַמערקט אַ לײַכטן צווייפֿל אין זײַנע אויגן.

– איר גלייבט ניט אַז פֿאַר אײַך שטייט אַ ייִד?

זײַן צווייפֿל אין די אויגן האָט אָפּגעטראָטן דאָס אָרט פֿאַר אַ לײַכטן שמייכל.

– איר האָט אַ סידור אין שטוב? – האָב איך דרײַסטער אַ פֿרעג געטאָן. – גיט מיר אויף אַ ווײַל, וועט איר זיך איבערצײַגן.

עס איז אַלץ געווען אַ שמועס נאָר פֿון מײַן זײַט, ער האָט קיין וואָרט ניט אַרויסגערעדט, אָבער כ׳האָב געזען, אַז עפּעס רירט זיך בײַ אים.

– נו, ברענגט אַרײַן, – האָב איך ווײַטער געמונטערט.

ער האָט אַ פֿאַרוווּנדערטער געמאַכט אַ טריט אין דער קיך אַרײַן,

געזאָגט דאָרט אַ פּאָר ווערטער צו עמעצן, וועלכן איך האָב ניט געזען, און איז צוריקגעקומען אין צימער ווו איך בין געשטאַנען. פֿון אַ שאַנק האָט ער אַרויסגענומען אַ סידור און מיר דערלאַנגט.

– עפֿנט אויף, ווײַזט מיר ווו איר ווילט איך זאָל לייענען.

ער האָט געשמייכלט, ווי ניט געגלייבט, געעפֿנט און מיר דערלאַנגט דעם סידור.

כ׳בין צוגעגאַנגען נענטער צו אים, געוויזן ווו כ׳וועל אָנהייבן.

– גוט? מסכּים?

כ׳האָב גענומען לייענען. כ׳האָב געלייענט זייער פּאַמעלעך – איך ווייס דען ווו ער שטייט מיט דער עבֿרי, מיט די פֿירעקיקע יידישע אותיות? כ׳האָב געלייענט פּאַמעלעך ער זאָל מיך קענען נאָכפֿאָלגן. כ׳האָב דערנאָך גענומען לייענען שנעלער, שנעלער און אַרײַן אין שוווּנג. זײַן פּנים האָט שוין געשמייכלט, כ׳האָב שוין געהאַלטן בײַם "אָפּמאָלן" דאָס גאַנצע זײַטל. ער איז געשטאַנען פֿאַרווּנדערט, געשאָקלט מיטן קאָפּ. ער איז צוגעגאַנגען נענטער צו מיר, אַרויפֿגעלייגט אַ האַנט אויף מײַן אַקסל. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט ער אויסגעדרייט זײַן קאָפּ אין דער ריכטונג פֿון דער קיך און אַ רוף געטאָן:

– זשאַנין, ברענג אַרײַן קאַווע און קיכעלער!

כ׳האָב פֿאַרשטאַנען, אַז כ׳האָב אויסגעהאַלטן דעם עקזאַמען...

אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך באַוויזן די פֿרוי מיט אַ שמייכל אויפֿן גאַנצן פּנים. זי האָט געטראָגן אַ טאַץ באַלאָדן מיט קאַווע, זיס געבעקס, ס׳איז באמת וואַרעם געוואָרן.

כ׳בין אָפּגעזעסן מיט אים און דער פֿרוי כּמעט אַ שעה צײַט. מיר זענען געזעסן, מענטשן פֿון פֿאַרשיידענע וועלטן, מיט פֿאַרשיידענע דאגות, וועלכע מען האַלט דיסקרעט פֿאַר זיך – איבער זיי שוועבט דער אַלגעמיינער גורל – אָבער שמועסן האַרציק קען מען תּמיד. איך האָב זיך לסוף אויפֿגעהויבן אַוועקצוגיין. ער האָט מיך געהאַלטן בײַ דער האַנט ווי געוואָלט מיך צוהאַלטן. איך האָב צוגעזאָגט, אַז אויב ס׳וועט זײַן מעגלעך וועל איך נאָך קומען. איז געווען אַ וואַרעמע, שווערע שיידונג.

יאָ, יאָרהונדערטער האָבן געענדערט די פֿאַרב פֿון פּנים, פֿון די אויגן,

האָר בײַ אַ טייל פֿון אונדזער פֿאָלק – דאָס האַרץ איז געבליבן דאָס זעלבע בײַביידע – ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט.

לסוף איז געקומען די סאָוועטישע קאָמיסיע. צו איר איז אַרײַנגעגאַנגען אַ דעלעגאַציע פֿון רוסישע חבֿרים און פֿאָרגעשטעלט דעם ענין. שוין פֿאַרן אַוועקפֿאָרן פֿון דער קאָמיסיע איז קלאָר געוואָרן דער באַשלוס: דער לאַגער ווערט ליקווידירט. מיר ווערן אַריבערגעפֿירט מיטן צוג קיין אַלזשיר.

אין דער פֿרי זענען מיר אַריבערגעפֿירט געוואָרן קיין קאַפּאַרעלי (ניט די תּפֿיסה!) – אַהין ווו מיר זענען אָנגעקומען. די פֿראַנצייזישע מאַכט האָט זיך געגייטיקט אין אונדזער לאַגער. מיר זענען אַוועק פֿון לאַגער אָן אַן אָך און וויי – ווי אַ רײַפֿער עפּל פֿאַלט אַראָפּ פֿון בוים.

שפּעטער, אין די נאָכמיטאָג־שעהען בין איך אַרויס אויף אַ שפּאַציר, אַראָפּגעגאַנגען אין לאַגער אַ קוק טאָן. עס זענען שוין דאָרט געווען אַנדערע אינטערנירטע – קריגס־געפֿאַנגענע איטאַליענער. אַ יונגער אָפֿיציר איז געזעסן אויף אַ שטיין, עפּעס געריייניקט. איך האָב געקוקט אויף מײַן שׂונא וואָס איז געקומען איבערנעמען מײַן אָרט. כ׳האָב אים געזאָגט ווער איך בין. מיר האָבן געשמועסט, ווי עס וואָלט גאָרניט פֿאָרגעקומען צווישן אונדז. ער איז געזעסן פֿאַר מיר, ווײַטער געווען פֿאַרטאָן אין זײַן אַרבעט. ער האָט מיר אויסגעזען צו זײַן פֿאַרדאגהט מיט זײַן צושטאַנד. אפֿשר איז ער געווען אַן אינזשעניר, אַ באַאַמטער, וואָס מען האָט אָפּגעריסן פֿון זײַן אַרבעט און געוואָרפֿן אויף די זאַמדן פֿון ליביע צו פֿאַרטיידיקן די אינטערעסן פֿון מוסאָליני, וועלכע האָבן אים בכלל ניט אינטערעסירט, און ס׳איז אים ליבער געווען דאָ צו זיצן און וואַרטן ביז די גאַנצע אָנשיקעניש וועט זיך ענדיקן...

ער איז געווען פֿאַרטאָן אין זײַן אַרבעט און געהאַט איין זאָרג אין קאָפּ: ווי גיט ער צו וויסן זײַן מאַמען, זײַן משפּחה אין איטאַליע, אַז ער לעבט, אַז ער איז דאָ. איך האָב ניט געוווסט ווו מײַן מאַמע, מײַן משפּחה קען זײַן, כ׳זאָל זיי קענען געבן צו וויסן, אַז איך לעב, אַז איך בין דאָ. איך האָב ניט געוווסט צי זיי זענען דאָ – עס איז געווען מײַ 1943.

צוויי מענטשן – ער, אַן איטאַליענער אין אָנהייב פֿון זײַן לאַגער־לעבן

אין דזשעלפּאַ, און איך, אַ פּוילישער ייִד, צום סוף פֿון מײַן לאַגער־לעבן.

כ׳בין אַוועק ווײַטער אויף מײַן שפּאַציר איבערן לאַגער. כ׳בין פֿאַרבײַגעגאַנגען אונדזערע וווינערטער, די אַדמיניסטראַציע, פּאָסט, אינפֿערמעריע – יעדעס אָרט פֿאַרבונדן מיט אונדזער טעטיקייט. כ׳האָב געקוקט אויף די ווענט פֿון די באַראַקן, ווענט צו וועלכע איך האָב דערלאַנגט ציגל אַזוי אַז די הויט האָט זיך אָפּגעריבן ביז צום פֿלייש. אָט איז דער לאַנגער באַראַק מיטן האַלברונדן דאַך, וועלכער איז עטלעכע מאָל איינגעפֿאַלן, ביז אונדזער "מײַסטער" האָט פֿאַרשטאַנען אַז די ציגל פֿאָדערן פֿרישן גיפּס, כּדי לאַנג צו האַלטן. דער באַראַק וואָס איז לסוף פֿאַרוואַנדלט געוואָרן, צי אונדזער קאָמענדאַנט האָט געוואָלט צי ניט, אין אונדזער קולטור־באַראַק, ווו מיר האָבן איינגעאָרדנט אונדזערע אָוונטן פֿון מוזיק און וואָרט. כ׳בין פֿאַרבײַגעגאַנגען די ערטער, וועלכע האָבן אײַנגעזאַפּט צוויי יאָר פֿון מײַן לעבן. כ׳האָב ניט געקוקט אויף זיי ווי בײַראַנס געפֿאַנגענער פֿין טשילאָן, וואָס האָט ליב באַקומען די תּפֿיסה־ווענט ווי זײַנע האַרציקע נאָענטע. איך האָב געקוקט אויפֿן וועג, וועלכער האָט אַדורכגעשניטן דעם לאַגער, אַ וועג, וועלכן מיר האָבן אויסברוקירט, אויף וועלכן כ׳האָב אַזוי פֿיל מאָל לאַנגע שעהען מיט חבֿרים שפּאַצירט מיט מישאַ שיר, וועלכער האָט מיט זײַן קלוגן, שאַרפֿן אַנאַליטישן מוח מיך געוואָלט איבערצײַגן, אַז פֿון דעם מאָמענט, ווען דער סאָוועט־פֿאַרבאַנד איז אַרײַן אין קריג, איז דער אימפּעריאַליסטישער קריג פֿון ענגלאַנד, פֿראַנקרײַך און אַמעריקע געוואָרן אַן אַנטיפֿאַשיסטישער. דאָ האָט מיר משה גוי, מײַן גוטער חבֿר פֿון פּאַלעסטינע, אויסגעלייגט, פֿאַר וואָס ענגלאַנד, טשערטשיל האָט גוט געטאָן אָפּשנײַדנדיק פֿון פּאַלעסטינע דעם עבֿר־הירדן, שאַפֿנדיק טראַנסיאָרדאַניע. דאָ האָבן מיר זיך באַלעקט פֿון דער מאַרקסיסטישער חכמה, אַז אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָבן אַלע פֿעלקער רעכט צו זעלבשטענדיקייט ביז צום אָפּרײַסן זיך, אָבער דער פּאַרטייִשער לאָזונג איז איינהייט, קעגן אָפּרײַסן זיך. אויף דעם דאָזיקן וועג האָבן מיר גערדרייט מיטן גראָבן פֿינגער וועגן פֿרידלעכער קאָעקסיסטענץ און קאָמפּראָמיסלאָזן קלאַסנקאַמף. מיר האָבן דאָ געבענטשט דעם אומבאַזיגבאַרן סאָוועטן־פֿאַרבאַנד און געוויגן גליקלעך וואָס עס עקסיסטירט אַ מעבטיקע

אַמעריקע, וועלכע טוט אַלץ אַז דעם סאָוועטן־פֿאַרבאַנד זאָל ניט פֿעלן קיין געווער. עס איז געווען אַ קורצער וועג, אויף וועלכן עס האָט זיך געצייכנט אונדזער לאַנגער, דאָרנדיקער לעבנסוועג.

כ'האָב איצט געקוקט אויפֿן לאַגער ווי אויף אַן אָפּגעשלאָסענעם נעבכטן, שטייענדיק פֿאַר אַן אומבאַקאַנטן מאָרגן.

כ'בין צוריק אַוועק מיטן דאָזיקן וועג צו מײַנע חבֿרים אין קאַפּאַרעלי. ווען איך בין אַרויסגעגאַנגען האָט מיך דער אַראַבישער וועבטער בײַם טירל ניט באַזוכט, ער האָט זיך מיט מיר שמייכלענדיק געזעגנט, פֿאָכנדיק מיט דער האַנט.

* * *

קאַפּאַרעלי איז געווען אין פֿולן רעש. אַלע האָבן גערעדט, געזונגען. ס'האָט ווער אויף זײַן אינסטרומענט אַרײַנגעוואָרפֿן זײַנע טענער. אַ יונגער חבֿרה־מאַן האָט ערגעץ געפֿונען אַן אַלומיניענעם טאָפּ פֿון דער קיך און געקלאַפּט אין זײַן דעק מיט אַ קופּערנעם לעפֿל, געקלאַפּט אַזוי, אַז דער דעק פֿון טאָפּ איז אַרײַן אינעווייניק און דער אינעווייניקסטער טייל איז אַרויס אין דרויסן. ער איז געגאַנגען איבערן הויף. זײַנע יונגע חבֿרים, איינער מיט דער האַנט אויפֿן אַקסל פֿונעם צווייטן, זענען אים נאָכגעגאַנגען אין אַ קרײַז און געשריִען און געלאַכט ווי קונדסים, פֿאַרשיכּורטע פֿון זייער פֿרײַהייט.

צו מאָרגנס נאָכן פֿרישטיק זענען מיר אַראָפּ צו דער סטאַנציע. מיר זענען געגאַנגען פֿרײַע מענטשן צו דער פֿרײַהייט. ניט דאָס איז געווען די כּוונה פֿון דער פּעטען־ווישי־רעגירונג, וואָס האָט אונדז געשיקט אין טיפֿן מידבר אויף פֿאַרניכטונג. ניט אַלע גוטע כּוונות, פֿאַר וועלכע מיר קעמפֿן אין אונדזער לעבן, ווערן דערגרייכט. ניט אַלע שלעכטע כּוונות פֿון אונדזערע פֿײַנט ווערן פֿאַרווירקלעכט.

וואָס דעצידירט, סוף־כּל־סוף, אין מענטשלעכן לעבן? מיט מאַטעריאַליסטישער דיאַלעקטיק וועסטו עס ניט דערקלערן. די ענציקלאָפּעדיסטן פֿון 20סטן יאָרהונדערט, פֿון כרושטשאָווס שולע, האָבן זיך געקראַצט אין דער פּאַטיליצע, געזוכט אַ תּשובֿה און געקומען צום אויספֿיר: "בעז וואָדקי ניע ראַזביעריאָש". איבערגעזעצט אויף ריין ייִדיש הייסט עס. "אָן אַ פֿלעשל בראָנפֿן וועסטו צו קיין טאָלק ניט דערגיין".

כ'שטעל זיך פֿאָר, אַז דעם ערשטן טייל – וואָדקאַ טרינקען וועלן זיי באַווייַזן, אָבער דער צווייטער טייל וועט ווייַטער בלייַבן אונטער אַ גרויסן פֿרעגצייכן.

## אויפֿן וועג צוריק

דער צוג האָט שוין אויף אונדז געוואַרט אויף דער סטאַנציע. ער איז געווען אַן אַלטער באַקאַנטער – דער זעלבער וואָס האָט אונדז אַהער געבראַכט. ער איז געווען דער זעלבער און ניט דער זעלבער, ווי אין דער געשיכטע – אַלץ חזרט זיך איבער, אָבער אַ ביסל אַנדערש... דאָס מאָל איז עס געווען אין אַ פֿרימאָרגן־שעה. די וואַגאָנען אין ליכט פֿון דער זון, מיט אָפֿענע פֿענצטער און טירן, האָבן אונדז אויפֿגענומען מיט ברייטלעכע, פֿרײַנדלעכע אָרעמס.

– אַכט אין איין אָפּטיילונג, צו פֿיר אויף אַ באַנק, – האָט מען אונדז אָנגעזאָגט. יאָ, ווי אין אַ נאָרמאַלן פּאַסאַזשיר־וואַגאָן. מיר האָבן שנעל באַמערקט, אַז דער צוג איז אַ גענוג לאַנגער, ער האָט אַ סך אָרט, מען קען זיך דערלויבן צו זײַן אין קלענערע גרופּעס. קיין זשאַנדאַרן זענען דאָס מאָל ניט געווען – דער ערשטער אַטריבוט פֿון פֿרײַהייט.

דער צוג האָט פּאַמעלעך אָנגענומען שווונג, אַרײַן אין זײַן ריטמישן טאַ־טאַ־טאַ. אַ צוג ווייסט ניט פֿון קיין קונצן, ער האָט זײַן צײַט און נאָרמע. ער באַקומט זײַן פּאַרע און ער פֿאָרט. ניט געדאַגהט, ער וועט שוין פֿאַרשלינגען דעם צוגעטיילטן אים מרחק. ניט אַלע בלײַבן אויף די ערטער. ניט ווייניק שטייען בײַ דער טיר, בײַם פֿענצטער, קוקן אויפֿן מידבר־לאַנדשאַפֿט, וואָס איז אָרעם, וויסט – אַ בערגל דאָ, אַ שטיין דאָרט און אַ ווינטל וואָס טראָגט זאַמד אַהין, אַהער, פֿויל, גלײַכגילטיק – ווער צאָלט דען דערפֿאַר? וואָס אַן אמת, קוקן די חבֿרה אין אַ באַשטימטער ריכטונג – צום לאַגער. זיי ווילן

אַוודאי פֿאַרהיטן אין זיכּרון סימנים פֿון לאַגער, דעם לאַגער, אַן אַרומגענומענעם מיט בערג אַרום און אַרום, ווו זיי זענען געווען אַרײַנגעקוועטשט טעג, יאָרן, ערטער ווו זיי האָבן ניט ווייניק איבערלעבענישן דורכגעמאַכט.

פֿאַמעלעך צעגייען זיי זיך אין זייערע אָפּטיילונגען, שליסן זיך אָן אין זייערע חבֿרים אין שמועס, אין שפּיל־קאָרטן, דאָמינאָ, שאַך.

אין אַ פּאָר שעה אַרום בלײַבט דער צוג שטיין. דאַרף עס דער לאָקאָמאָטיוו וואַסער? איז דאָ ערגעץ וואַסער? אָדער וויל אפֿשר דער לאָקאָמאָטיוו־טרײַבער אַ ביסל אָפּאָטעמען? עסן פֿרישטיק? מיר נעמען זיך דערמיט ניט איבער. הײַטערע קאַטשען מיר זיך אַרויס אין דרויסן, צענעמען די ביינער אויף דער מידבר־ערד, געקילט דורך אַ ווינטל אַ קונדס. ס'מאַכט ווער גימנאַסטישע איבונגען, פּרובירט לויפֿן אַ ביסל. אַנדערע שטייען, שמועסן אויף דער פֿרײַער לופֿט.

מאָריס האָט אַנדערע דאגות. אין לאַגער האָט זיך צו אים צוגעטשעפּעט אַ הונט – ניט קיין סעלוקי, ניט קיין הונט פֿון אַ מיוחסדיקער ראַסע, חס־וחלילה, ניין, סתּם אַ הונט, אַ פּודעל פֿון אַ וועלכן ניט איז גאַסן־געמיש. נו, איז וואָס? איז ער קיין הונט ניט? ער איז אַפֿילו געוואָרן אַ ליבלינג בײַ אים און בײַ דער חבֿרה! אַזאַ גוטער, ליבינקער, געדרייט זיך צווישן די פֿיס אַ פֿריילעכער, געוואָלט זיך שפּילן און פֿאַר מאָריסן איז ער גרייט געווען אַלץ צו טאָן, געקוקט אים אין די אויגן, ניט געוואָלט פֿון אים אָפּטרעטן – נו, איז ער געבליבן מיט אים, מיט דער חבֿרה. אָבער דאָס לעבן איז ניט בלויז אַ שפּילכל, ס'איז געקומען די צײַט פֿון אַרויסגיין פֿון לאַגער, באַפֿרײַונג – מיטן הונט איז געבליבן מאָריס אַליין. ער האָט אים לסוף אויפֿגעהויבן אויף זײַנע הענט און אַרײַנגעטראָגן אין צוג, אין זײַן אָפּטיילונג. און דער הונט האָט געטאַנצט פֿון פֿרייד, געטוליעט זיך צו אים, געלעקט אים די הענט, דאָס פּנים – געווען דאַנקבאַר. ווען מיר זענען איצט אַרויס פֿון צוג האָט אים מאָריס גענומען אויף די הענט, אים אַרויסגעטראָגן אויפֿן פֿרײַען פֿעלד – דער הונט איז געלאָפֿן, געשפּרונגען, געווען גליקלעך.

און ווי זאָגט זיך עס דאָרט – אַ סך געדאַנקען זענען פֿאַראַן אין

מענטשלעכן האַרצן... מאָריס איז געבליבן אַליין מיטן הונט. אַן אמתער גוטער, געטרײַער הונט, אָבער עס זענען ניטאָ מער די לאַגער־באַדינגונגען – ווּ וועט מאָריס ווינען? אַרבעטן? וואָס וועט ער טאָן מיטן הונט?

עס איז געקומען דער מאָמענט ווען מען האָט אונדז גערופֿן צוריקצוגיין אין צוג, פֿאַרנעמען אונדזערע ערטער. דער הונט האָט זיך אַ ביסל פֿאַרזאַמט ווײַטער פֿון צוג. מיט איין מאָל האָט ער באַמערקט די פּוסטקייט וואָס האָט זיך געשאַפֿן און גענומען אײַלן, אײַלן און איז שטיין געבליבן אונטן, אונטערן רעלסן־טראַקט, אונטער די טרעפּלעך פֿון צוג. ער האָט געקוקט אַרויף, געזוכט אומבאַהאָלפֿן, אומגליקלעך. ערגעץ ווּ אין וואַגאָן אין אַ זײַט, פֿאַרבאָרגן, איז געשטאַנען מאָריס. די חבֿרים האָבן אים אַוועקגענומען, אַרײַנגעפֿירט צוריק אין דער אָפּטיילונג.

און דער הונט איז נאָכגעלאָפֿן אונטן, געלאָפֿן, געלאָפֿן מיט אַלע כּוחות, געקוקט אַרויף צום צוג, מיט אויפֿגעשטעלטע אויגן אויערן. דער צוג איז געלאָפֿן, געלאָפֿן, אַוועק, ער האָט אים ניט געכאַפּט. דער הונט איז געבליבן אַ מידער, אַליין, פֿאַרלאָזן אויף זײַן הינטישן גורל.

אָרעמער הונט, ביסט איצט אַליין, צעבראָכן, מיד און אַרום און אַרום איז פּוסט, גאָרנישט.

וועסט זיך אויפֿהייבן, אָנהייבן צו גיין, שיקן די נאָז פֿאָרויס, ווּ עס שמעקט מיט וואַסער, קילקייט, מיט אַ מענטשלעכן טעם, מיט אַ מענטש. און אפֿשר וועסטו פֿאַרוואָגלט ווערן אין אַ בעדויִנער שמאַטע־געצעלט, אפֿשר וועלן דאָרט זײַן קינדער, זיי וועלן זיך פֿרייען, זיך שפּילן מיט דיר, געבן וואַסער, צי גאָר שעפּסנמילך...

מען זאָגט: אַ הינטיש לעבן. עס זענען פֿאַראַן הינט, פֿאַר וועמען דאַמעס שנײַדן צו וואָלענע מאַנטעלעך, ס׳זאָל זיי ניט קאַלט זײַן, און קויפֿן פֿאַר זיי ספּעציעל עסן, זיי זאָלן ניט דאַרפֿן עסן דאָס, וואָס מענטשן וואַרפֿן סתּם אַרויס. יאָ, יאָ, פֿאַראַן אַזעלכע הינט, אָבער דערצו מוז מען האָבן מזל, אפֿשר וועסטו אויך האָבן מזל. און איך זע פֿאַר זיך דעם אומגליקלעכן הונט, וואָס דערפֿרייט זיך, פֿאַרזשמורעט די אויגן, און גלײַך פֿאַרדעקט זיך זײַן שמייכל אין די אויגן מיטן צווייפֿל – און אפֿשר וועט מען מיך שלאָגן, קוילען, אַרײַנוואַרפֿן אין טאָפּ אַרײַן?... יאָ, טײַער הינטל, אויך דאָס קען

געשען, און איך האָב שוין אין מײַן געדאַנק געוואָלט ציטירן פֿון י.ל.פּרץ: "האָף און גלויב, ניט ווײַט איז שוין דער פֿרילינג", אָבער וואָס וועל איך ציטירן פֿאַר אַ הונט שיינע, מענטשלעכע פֿערזן, געדאַנקען? און אונדז האָבן דען ניט מענטשן פֿאַרשיקט אין ווײַטן מידבר?

פֿאַרטראַכט אין מײַנע מחשבֿות, האָט דערוויַיל דער צוג געשלונגען דעם מרחק, מיך אָפּגעריסן פֿון הונט און זײַן שווערער לאַגע. כ'האָב נאָך אַלץ געקוקט אַהין, נאָך ווײַטער, ווײַטער אויף דרום, וווּ עס איז געווען אונדזער לאַגער מיט זײַנע מענטשן, מענטשן אומשולדיקע, גאָט די נשמה שולדיקע, וואָס זענען אַהין פֿאַרשיקט געוואָרן. אַ טייל פֿון זיי רעליגיעזע, זיי האָבן געטאָן אַלץ צו בלײַבן גוטע פֿרומע ייִדן. אין איינעם אַ באַראַק האָבן זיי צו יום־כּיפּור זיך געמאַכט אַן אָרט צו דאַוונען. פֿון באַראַק זענען זיך צעגאַנגען די מעלאָדייעס פֿון כּל-נדרי, די תּפֿילות אויך צו מאָרגנס, אַ גאַנצן טאָג.

אין אָוונט האָבן זיי פֿאַרענדיקט מיט אַ הונגעריקן, האָפֿערדיקן לשנה טובֿה תּכּתבֿו ותּחתמו. כ'בין זיי אַנטקעגנגעגאַנגען און דעם ערשטן בעסטן פֿון זיי דערלאַנגט די האַנט מיט מײַן לשנה טובֿב תּכּתבֿו ותּחתמו. דער מענטש האָט געכאַפּט מײַן האַנט, מיך אין גאַנצן אַרומגעכאַפּט, געדריקט צו זיך, עס זענען אויף מיר געפֿאַלן זײַנע טרערן. ער האָט דורך מיר געפֿילט זײַן היים, מײַן היים – אַ לעבן וואָס האָט זיך געצויגן ווײַטער און אָנגעפֿילט דאָס האַרץ מיט האָפֿענונג.

כ'בין געווען צופֿרידן, וואָס כ'האָב קענגן אַלע מײַנע מאַרקסיסטיש־לעניניסטישע פּרינציפּן געדריקט אים די האַנט אַז זײַן תּפֿילה זאָל מקוים ווערן. און געוועגדט האָט ער זײַן תּפֿילה ניט צו סטאַלינען און זײַנע העלפֿער. געווען אַ סך אַזעלכע, וואָס האָבן אַזוי געטאָן. קיין פֿאַרברעכן קעגן די פּרינציפּן פֿון פֿרײַהייט און דעמאָקראַטיע זענען זיי ניט באַגאַנגען. ווי האָט מען עס גוטמוטיק געזאָגט: צי אַ תּפֿילה האָט וועמען געהאָלפֿן – ווייסן מיר ניט, געשטערט האָט זי זיכער ניט.

כ'זע נאָך איצט די גליקלעכע אויגן פֿונעם דאָזיקן ייִד, מײַן האַנטדרוק איז אפֿשר פֿאַר אים געווען דער ערשטער פֿאַרווירקלעכטער טייל פֿון זײַן תּפֿילה.

דער צוג איז געגאַנגען ווײַטער זײַן וועג. אַרײַנגעטאָן אין זײַן ריטמישן קלאַפּן, האָבן מיר ניט געפֿילט דעם גאַנג פֿון דער צײַט. קיין צווישנסטאַנציעס האָט אונדזער צוג ניט געהאַט. אַ רווישיקער ריס און טראַסק האָט איבערגעריסן אונדזער רײַזע. דער צוג איז שטיין געבליבן. דורך דעם וואַגאָן־פֿענצטער האָט זיך אַרײַנגעריסן דער אויפֿשריפֿט – אַלזשיר!

מיר זענען אָנגעקומען. מיר האָבן ניט באַוויזן צו זײַן אין אַ פֿאַרלעגנהייט. עמעצער האָט אויף אונדז געפֿירט, געהויבן די האַנט, געגעבן אונדז סימנים פֿון פֿראַן, גערופֿן.

מיר זענען אַרויס. מען האָט אונדז געפֿירט צו לאַסט־אויטאָמאָבילן, וואָס האָבן אונדז אויפֿגענומען, געפֿאָרן. מיר זענען שטיין געבליבן פֿאַר אַ הויך הויז מיט אַ ברייטן קעלער, וועמעס פֿענצטער – שמאָלע, לענגלעכע האָבן זיך געעפֿנט צו דער גאַס, פֿאַזע דעם טראָטואַר. מיר זענען אַהין אַרײַן. עס איז געווען אַ גרויסער, גענוג ליכטיקער צימער, אָבער ניט קיין בעט, ניט קיין שאַנק, ניט קיין וואַש־מעגלעכקייטן. נו, אַ זאַל פֿון אַ פּראָפֿעסיאָנעלן פֿאַראיין, ווו מיטגלידער דערליידיקן זייערע ענינים. געבויט און אײַנגעאָרדנט פֿאַר דעם צוועק, בלויז פֿאַר דעם צוועק. עס זענען געווען לאַנגע טישן מיט לאַנגע בענק – דאָס וואָס איז נייטיק פֿאַר אַ לאָקאַל, ווו מען קומט אויף אַ שעה אָדער צוויי. דער פֿאַראיין איז געווען אַזוי גוט און געעפֿנט פֿאַר אונדז זײַנע טירן, מיר זאָלן ניט בלײַבן אין דרויסן – וואָס זשע האָבן מיר געקענט האָבן צו אים פֿאַר אַ טענות.

אין אַ נײַגעשאַפֿענער לאַגע בלײַבט מען אַ מאָל שטיין פֿאַרן פֿולן, וואָס איז ליידיק, פֿאַר אַ גאַנצקייט, וואָס איז גאָרניט, אין וועלכער מען מוז אַרײַנדרינגען, זיך מיט איר באַהעפֿטן און זוכן אַ וועג. מיר האָבן אַוועקגעלייגט די פּעקלעך און געבליבן שטיין מיט ליידיקע הענט, ערגעץ ווײַט, אויף אַ פֿרעמד אָרט. מיר זענען געשטאַנען אויף אַ שיידוועג פֿון אונדזער לעבן און האָבן אַפֿילו ניט געוווסט דערפֿון.

דאָ האָט אונדז דער גורל אַראָפּגעלאָזט.

דאָס איז עס – HIC RHODUS - HIC SALTA

## געפֿירט דורכן מאָגן...

כ'האָב אַרומגענומען מיטן בליק די ליידיקע ווענט, טישן, בענק, אַ ווײַלע צוגעקוועטשט די אויגן, זיך קלאָר געמאַכט – דאָס איז עס. מיט ד'עם הייבט זיך עס אָן. כ'האָב אַרויסגענומען פֿון מײַן פּעקל אַ האַנטעך, זייף, אַנדערע עלעמענטאַרע זאַכן צום טואַלעט, זיך אַ ביסל אָפּגעפֿרישט, געבראַכט אין אָרדענונג די קליידונג און די געדאַנקען און אַרויס אויף דער גאַס.

אַ פּאָר טריט און כ'בין געשטאַנען אויף דער סען סאַענס־גאַס, נאָך אַ פּאָר טריט – און איך בין אויף די רי מישלע, די עלעגאַנטסטע גאַס פֿון אַלזשיר, די הויפּטגאַס, זי האָט זיך געצויגן לאַנג און ווײַט – אָפֿן, אָפֿן, אָן ווענטערס, אָן דראָטן. כ'בין געשטאַנען פֿאַרבלענדט פֿון דער פֿרײַהייט, פֿון פֿרײַען בליק אויף די מענטשלעכע פּנימער, אַ שפּע האָט געפּראַלט פֿון די שויפֿענצטער. אין דער קעשענע האָבן זיך געטוליעט צו די פֿינגער די באַשיידענע פּאָר פֿראַנק, וואָס יעדער איינער פֿון אונדז האָט באַקומען צו דעקן די הוצאות אויף די ערשטע פּאָר טעג – אַ מאָגערע פֿאַרזיכערונג, אָבער ניט שלעכט.

אין לאַגער איז געווען צו עסן, אַן אָרט צו שלאָפֿן, גוט צי שלעכט – ס'איז געווען. פֿאַר מער קאָמפּליצירטע פּראָבלעמען איז געווען דער קאָלעקטיוו – ער האָט שוין געזאָרגט, כאָטש מ'שטיינס געזאָגט, וואָס האָט ער שוין געקענט העלפֿן? און איצט? אין אונדזער גרופּע זענען פֿאַראַן שנײַדערס, שוסטערס, פֿריזירערס, דאָקטוירים, אַדוואָקאַטן – אַלע מינים

בעל־מלאָכות. ווי וועלן זיי זיך אײַנאָרדענען? דער לאַגער איז ניטאָ מער, וואָס וועט זיי איצט האַלטן צוזאַמען?

אַרויס פֿון קעלערשטוב צוזאַמען מיט מיר איז קאַפּלער, ער האָט אָנגעטאָן אַ שוך אויף יעדער האַנט און אַזוי געגאַנגען. וואָס האָט ער דערמיט געוואָלט זאָגן? ווייסט דאָס גוטע יאָר. אַזוי האָט ער געוואָלט גיין... אַ פֿרוי איז אונדז אַנטקעגנגעקומען און געשמייכלט, אַוודאי דערקענט, אַז דאָס זענען געקומענע פֿון לאַגער.

– וואָס זוכט איר? – האָט זי מיט אַ שמייכל אַ פֿרעג געטאָן. אפֿשר האָט זי געמיינט, אַז מײַן פֿרײַנד איז אַ שוסטער און ווײַזט אויף זײַן פֿאַך, אין וועלכן ער זוכט אַרבעט.

– אַ שוסטער צו פֿאַרריכטן די שיך, – האָט קאַפּלער געענטפֿערט.

– וואָס איז אײַער פֿאַך? – האָט די פֿרוי ווײַטער געפֿרעגט, אַוודאי טראַכטנדיק וועגן אַ מעגלעכן אַרבעטאָרט.

– אַ מעדיצין-דאָקטער, – האָט קאַפּלער געענטפֿערט.

די פֿרוי האָט זיך צעלאַכט, לײַכט אָנגערירט זײַן אַקסל און אַוועק ווײַטער. וואָס האָט די פֿרוי איצט געטראַכט? און וואָס האָב איך געטראַכט? ווײַזט אויס, אַז צו טראַכטן מוז מען האָבן אַ גרונט, אַן אָנהאַלט, און איך בין נאָר וואָס געקומען פֿון לאַגער, כ׳האָב נאָך גאָרניט אונטער מײַנע פֿיס – דער נעכטן איז ניטאָ מער, דער הײַנט איז נאָך ניט געקומען. כ׳האָב געשפּאַנט איבער די גאַסן, געקוקט און געזען און קיין פּלענער ניט געמאַכט. כ׳האָב זיך נאָך אַלץ געפֿילט אונטער אַן אָנפֿירונג – איז זי נאָך געווען?

אין אַ פּאָר טעג אַרום איז דער נעפּל פֿאַרשוווּנדן. די סאָוועטישע פֿאַרטרעטערשאַפֿט, וואָס איז נאָך דער לאַנדונג פֿון די אַלײִרטע געשאַפֿן געוואָרן אין אַלזשיריע, האָט אין געגנט פֿון אַלזשיר געגרינדעט אַ לאַגער, ווו עס זענען אויפֿגעזאַמלט געוואָרן סאָוועטישע סאָלדאַטן – קריגס־געפֿאַנגענע, פֿאַרלוירענע. מען האָט זיי אָפּגעפֿרישט, באַקליידט, געגרייט צום וועג צוריק אַהיים. אין אַ שמועס מיט דער סאָוועטישער פֿאַרטרעטערשאַפֿט איז קלאָר געוואָרן, אַז אונדזער גרופּע – פּאָליאַקן, ייִדן פֿון פּוילן, אוקראַיִנער, ווײַסרוסן און רוסן, געוועזענע עמיגראַנטן, – איז אָנגענומען געוואָרן אין סאָוועטישן לאַגער אויפֿן וועג קיין סאָוועטן־

פֿאַרבאַנד. דאָרט וועט זי צוגעטיילט ווערן צו די מיליטערישע איינהייטן, צווישן אַנדערע צו די פּוילישע איינהייטן אונטער דער אָנפֿירונג פֿון גענעראַל בערלינג און אונטער דער השגחה פֿון וואַנדאַ וואַשילעווסקאַ. זי וועט ווידער אַרויסטרעטן ווי אַ מיליטערישע איינהייט אין קאַמף קעגן פֿאַשיזם. דאָס איז געווען אַ לייזונג, אויף וועלכער מיר האָבן געוואַרט און אָנגענומען זי מיט אַ פֿרײַ האַרץ. עס איז אָבער געווען אַן "אָבער" – אַ צען חבֿרה פֿון אונדז זענען געבליבן אויסער דער דאָזיקער גרופּע. פֿאַר וואָס? איך בין זיך מודה־ומתוודה, אַז כ'האָב ניט געפֿרעגט. דער־צוויגן אונטער סטאַלינס פֿליגלען, פֿרעגט מען ניט קיין קשיות. אַזוי האָט באַשטימט די פּאַרטיי און זי ווייסט וואָס זי טוט. כ'האָב זיך אָפּגעווישט דאָס מויל, געמאַכט אַ מינע, אַז אַזוי דאַרף זײַן און... קלוג, שטאַרק קלוג געשוויגן. דאָס איז געווען אַ שווײַגעניש, וואָס האָט אינעווייניק געפֿרעסן: פֿאַר וואָס?!

איך האָב באַשלאָסן צו פֿרעגן דעם סאָוועטישן פֿאָרשטייער. ער האָט געהאַט אַ באַקאַנטן נאָמען – מיצקיעוויטש. ער איז דאַן געזעסן אינעם שענסטן האָטעל פֿון אַלזשיר, ס'איז געווען ניט לײַכט צו אים זיך צו דערקלײַבן. זײַן פֿאַרטרעטער איז געווען אַ יונגער חבֿרה־מאַן קאָסטאַלסקי, אָבער מיצקיעוויטש איז מיר געווען פֿיל סימפּאַטישער און כ'האָב זיך צו אים דערקליבן. ער האָט גוט אויסגעהערט, געפֿרעגט, געשמועסט, זייער פֿרײַנדלעך געשמייכלט.

– זאָרג ניט, – האָט ער בײַם געזעגענען זיך אַ זאָג געטאָן, – ביסט אַ פֿעיִקער חבֿרה־מאַן, ספּאָסאָבני פּאַרען, – און מיר ברייט אויסגעשטרעקט די האַנט, געוויזן זײַן אויפֿגעהויבענעם גראָבן פֿינגער – אַ צייכן פֿון אָנערקענונג. כ'וועל ניט זאָגן, אַז דער ענין איז געווען פֿאַר מיר קלאָר, אָבער דער שמועס איז געווען געענדיקט מיט אַ שמייכל צו אַ גוטער שפּיל.

אין אַ טאָג אַרום איז געקומען אַן אויטאָבוס, געבראַכט די אָפּגעקליבענע מענטשן מיט זייער באַגאַזש צום צוג. מען האָט זיי אַריבערגעפֿירט אין אַ סאָוועטישן לאַגער, וועלכער איז אין אַ פּאָר טעג שפּעטער ליקווידירט געוואָרן. די מענטשן זענען אַרויפֿגעזעצט געוואָרן

אויף אַ שיף און דורך טוניס, עגיפּטן, פּאַלעסטינע, איראַן זענען זיי אָנגעקומען קיין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד. אַלץ איז דורכגעפֿירט געוואָרן גלאַט און גרינטלעך.

געבליבן איז אַ קליינע גרופּע קראַנקע, שוואַכע. שנײַדערס, פּריזירערס זענען שנעל אויסגעכאַפּט געוואָרן, פֿאַרשוווּנדן. געבליבן איז אויך מײַן נאָענטער חבֿר אימעק בערנשטיין, מיט וועלכן כ'האָב זיך מיט דער צײַט זייער דערנענטערט. ער איז געווען אַ דאָקטער און האָט שנעל באַקומען אַרבעט אין אַ קליניק פֿון דער ייִדישער קהילה אין אַלזשיר. מיט מיר איז די זאַך געווען מער קאָמפּליצירט – אָן אַ פֿאַך, אָן באַזונדערע פֿאַרבינדונגען האָב איך דערווײַל ניט געהאַט קיין גרויסע פֿאָדערונגען. קודם בין איך געווען הונגעריק. עסן, עסן דאַרף מען.

אַרויסגייענדיק פֿון מײַן גאַס האָב איך אויף רי־מישלע דורך אַ פֿענצטער געזען אַמעריקאַנער אָפֿיצירן פֿון לופֿטפֿלאָט זיצן און עסן. כ'האָב אַ טראַכט געטאָן – כ'וועל אַרײַנגיין אַ פֿרעג טאָן. וואָס קען דאָס שאַטן? כ'בין אַרײַן און מיט אַ וואַקלדיקער שטים געפֿרעגט, צי מען דאַרף ניט ווען צו הילף בײַ דער אַרבעט אין קיך. דער געפֿרעגטער, אין אַ פֿריש געפּרעסט באַקיהעמד, וואָס האָט זיך אַרומגעדרייט איבערן זאַל קייענדיק זײַן גומע, האָט אויף מיר געוואָרפֿן אַ בליק, אַ קוועטש געטאָן מיט די אויגן, אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און – יע, אָקיי!

– מאָרגן זעקס אין דער פֿרי קומען צו דער אַרבעט. – ווי אַזוי קומען, צו ווען קומען האָב איך ניט געהערט און אויך ניט געפֿרעגט. וואָס איז מיר וויכטיק געווען? כ'בין אָנגענומען געוואָרן צו דער אַרבעט. כ'האָב אַפֿילו ניט געפֿרעגט וועגן געהאַלט – ניט געווען געווינט צו פֿרעגן וועגן אַזעלכע זאַכן. עפּעס אַ געהאַלט וועט זײַן און עסן אויך. וועגן די אַנדערע זאַכן וועל איך זאָרגן שפּעטער, ווען איך וועל זײַן מיט אַ פֿולן מאָגן...

## אויף אַמעריקאַנער קעסט

אין אַ פֿרימאָרגנדיקער שעה, אַרום זעקס אַ זייגער, בין איך אַרײַן אין מײַן ערשטן אַרבעטסאָרט. דאָס אָרט איז נאָך געשלאָפֿן. אַ קוים דערוואַכטער קוכער האָט געדרייט די מאַשין, מיטן מעסער געשניטן גרינסן, ווורשטן, געקאָכט אייער – געגרייט דעם פֿרישטיק. ער האָט מיר אָנגעוויזן אויף אַ טיש מיט געוואַשענע טעלער, גלעזער, מעסערס, גאָפּלען, לעפֿל, געגעבן מיר אַ ריינעם פֿאַרטעך און טיכער, כּדי איך זאָל דאָס אַלץ רײַן, גוט אויסווישן, ס׳זאָל ליגן גרייט אונטער דער האַנט.

כ׳בין קוים פֿאַרטיק געוואָרן מיט מײַן אַרבעט, ווען ער האָט אַ זאָג געטאָן:

– מאַך זיך עפּעס צום עסן, – און ער האָט מיר געוויזן אויף די זעמל, ברויט פּוטער, אייער שינקע און נאָך און נאָך שפּײַזן וואָס איך קען דאָ ניט אויסרעכענען, כ׳האָב אַפֿילו ניט געוווּסט ווי זיי הייסן. כ׳האָב אַ קוק געטאָן אַ פֿאַרלוירענער און אַפֿילו זיך ניט צוגערירט צו דעם אַלעם. אײַל זיך ניט, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, וועסט נאָך מאַכן עפּעס אומגעלומפּערט, זיך אַרויסשטעלן צום נאַר. וואַרט, ס׳ברענט ניט.

אַרום זיבן אַ זייגער אין דער פֿרי האָבן זיך אָנגעהויבן צו באַווײַזן אָפּיצירן, איינציקווײַז, גרופּעסווײַז, ווי גרופּעס אין אַ ניט פֿון פֿאָרויס באַשטימטער צײַט. אויפֿן טיש איז פֿאַר זיי אויפֿגעשוווּמען עסן און טרינקען, אַחוץ די פֿאַרשיידענע פּרוכטן, וואָס זענען דאָרט שטענדיק געשטאַנען גרייט. מײַן אויפֿגאַבע איז געווען, נאָך דעם ווי זיי האָבן

פֿאַרלאָזט דעם טיש, צונויפֿנעמען דאָס איבערגעבליבענע עסן אויף אַ טאַץ, די כּלים און צוריקטראָגן אין דער קיך. שוין אויפֿן וועג האָט זיך אָנגעהויבן מײַן "אַרבעט". אַן אָמלעט פֿון שינקע און אייער, וואָס איז אַפֿילו ניט אָנגערירט געוואָרן, אַ גוטע, פֿרישע בולקע מיט פּוטער – דאָס איז, פֿאַרשטייט זיך, בײַ מיר גלײַך אויפֿן וועג "ליקווידירט" געוואָרן. אַלץ האָט געדרייצט אויגן, די נאָז, און כ'האָב זיך באַמיט אײַנצוהאַלטן מײַן גאָט־געבענטשטן אַפּעטיט.

נאָך די ערשטע פּאָר טעלער האָב איך די ווײַטערדיקע שוין גאַנצערהייט געבראַכט אין קיך. עס זענען דאָרט געווען צוויי אַלזשירער פֿראַנצויזן, זיי האָבן זיך שוין באַשעפֿטיקט מיטן "רייניקן". זיי האָבן אויך געטאָן די שווערע אַרבעטן – געהאַלטן ריין די קיך, געריייניקט די טעפּ, די כּלים. ווי כ'האָב באַמערקט, האָבן זיי אויך "געריייניקט" די קאָטלעטן, אָמלעטן, שינקעס, קעזן, וואָס זענען געבליבן אויף די טאַצן, זיי אַרײַנגעלייגט אין פּושקעס, וועלכע זיי האָבן פֿאַרזען מיט אַ דראָט פֿון אויבן, זיי זאָלן עס קענען אַוועקטראָגן אַהיים. זיי האָבן אַפֿילו געהאַט צוויי אַזעלכע פּושקעס – איינע פֿאַר טרוקענע שפּײַזן ווי פֿלייש, קעז און ענלעכע, די צווייטע פֿאַר די פֿליסיקע שפּײַזן ווי זופּן. אונדזערע אַמעריקאַנער באַלעבאַטים האָבן דאָס אַלץ געזען און גאָרניט געזאָגט. ווען כ'האָב צוריקגעבראַכט די ערשטע טאַצן ניט קיין פֿולע, האָבן מײַנע אַרבעטס־חבֿרים אַ ביסל געקוועטשט מיט די אויגן – זיי האָבן פֿאַרשטאַנען, אַז עפּעס האָב איך אַראָפּגענומען, אָבער זיי האָבן געשוויגן, ניט מורא געהאַט, אַז עס וועט פֿאַר זיי אויספֿעלן. כ'שטעל זיך פֿאָר די סעודה, וואָס זיי האָבן יעדן טאָג געבראַכט אַהיים פֿאַר זייערע פֿאַמיליעס און אפֿשר אויך פֿאַר זייערע שכנים און פֿרײַנד. זאָל עס זיי וווּל באַקומען – איך האָב שוין פֿון די פֿולע טעלערס מײַנס געהאַט אַרײַנגענומען אין מויל אַרײַן, די ציינער האָבן געאַרבעט, אַז עס האָט געקנאַקט אין די אויערן.

כ'בין איצט געווען זאַט, רויק. כ'האָב אין אָרדענונג געבראַכט מײַן אייגן ווינקל – שיין, ריין, אַזוי אויסגעפֿילט מײַן צײַט ביז מיטאָג. פֿון צײַט צו צײַט געוואָרפֿן אַ בליק אויף דער שפּײַז־שאַפֿע, וואָס האָט מיך אַרומגערינגלט. ווען ניט ווען פֿלעגט זיך דורכשלײַכן אַ יונגער אָפֿיציר. ער

האָט געגלאַנצט מיט זײַן קליידונג, זײַן אויסזען, כ׳האָב פּשוט אַ ברכה געמאַכט אויף יעדער זײַן באַוועגונג, ער איז דאָך פֿון דער אַרמיי–עליטע, וואָס שטייט אין דער בעסטער גרייטקייט קעגן אונדזער בלוטיקן שׂונא, קעגן וועלכן זיי קענען יעדע מינוט גערופֿן ווערן זיך אויפֿצוהייבן צום קאַמף.

איצט האָב איך געוואַרט אויף דער שעה, ווען די אָפֿיצירן וועלן קומען צום מיטאָג, צו זייער מיטאָג אין אַמעריקאַנער נוסח.

יאָ, דעם אַמעריקאַנער נוסח־עסן איז ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט, ניט פֿאַר אַ מענטש, וואָס איז אויפֿגעוואַקסן אין אייראָפּע, אויף עמיגראַציע אָדער גאָר אין די קאָנצענטראַציע־לאַגערן. צי כ׳האָב געוואָלט, צי ניט געוואָלט, האָב איך דאָך געקענט צײַטן, ווען אַ שטיקל ברויט, אַ פּענעצל שוואַרצברויט, ספּק–קאָרן ספּק–ליים, איז געווען אַן אוצר און אַ לעפּל לינדזן, אויסגעווייקטע אין וואַסער, האָט געקוויקט דאָס האַרץ!

ווי קוקט אויפֿן עסן אַן אָפֿיציר פֿון אַ פֿרײַער, רײַכער וועלט? ער איז געקומען אין עסזאַל אַליין, מיט אַ חבֿר, מיט אַ גרופּע, געקומען שמועסנדיק, זיך אַוועקגעזעצט און ווײַטער געשמועסט. אויפֿן עסן האָבן זיי כּמעט ניט געקוקט – עפּעס אָנגערירט, עפּעס פֿאַרזוכט, אַוועקגערוקט אין אַ זײַט און ווײַטער געשמועסט, ווי ס׳וואָלט פֿאַר זיי קיין עסן ניט געשטאַנען. כ׳האָב געקוקט אויף די יונגע געזונטע אָפֿיצירן־פּליִערס. פֿון די טעלער האָט געזעצט אַ פּאַרע, פֿאַרשיידענע ריחות האָבן זיך געטראָגן אין דער לופֿטן און עסן – וואָס פֿאַר אַ סאָרטן! אין די סאָרטן קען מען זיך נאָך פֿונאַנדערקלײַבן, אָבער זייער פֿאַרשיידנקייט! וועמען וועט אײַנפֿאַלן אַזוי זיי צוזאַמענצושטעלן – אויסמישן פֿלייש מיט באָרשטש, מיט טאָמאַטן, מיט קאַלאַפּיאָר און קאַרטאָפּל, באַגיסן מיט יויכן, דערצו ביר, רויטער ווײַן, ווײַסער ווײַן און קאָניאַק, ליקער מיט פֿרוכטזאַפֿטן, און ס׳דרייט זיך אַרום דער אָפֿיציר, גיט אַכטונג עס זאָל שטענדיק זײַן אַלץ, עס זאָל גאָרניט פֿעלן!

ווער עסן, וואָס עסן – ווער קוקט אויף דעם? וועט אַ פֿראַנצויז טרינקען רויטן ווײַן מיט פֿיש, אָדער פֿלייש מיט ווײַסן ווײַן? און ליקער פֿאַרן עסן

אָדער קאָניאַק אין מיטן עסן? אים וועט עס אויסזען אומנאָרמאַל. אָבער דאָס לעבן איז דאָך ניט פֿאַר יעדן און ניט אומעטום אומנאָרמאַל. אין כינע איז ווײַס די פֿאַרב פֿון טרויער, אין אייראָפּע איז ווײַס די פֿאַרב פֿון פֿרייד – מען קען אַזוי דרייען די יוצרות און לסוף אָננעמען די זאַכן ווי זיי זענען און ניט לאַכן. האָב איך געקוקט ווי די אָפּיצירן מישן צונויף זייער רײַכן אויסוואַל גאָר ניט אויף אונדזער אייראָפּעיִשן שטייגער און עסן און טרינקען, גיבן זיך קיין קרים ניט און האָבן הנאה. האָב איך ווײַטער געטאָן מײַן אַרבעט, געטראָגן די כּלים פֿון עסזאַל צו דער קיך און צוריק, אלץ שיין, ריין מיט אַ שמייכל און אָן זאָרגן.

יאָ, כ׳האָב געזאָרגט וואָס שנעלער צו פֿאַרלאָזן מײַן סינדיקאַטן־הויז, לעבן אַ ביסל פּריוואַט, אַליין. כ׳האָב עס אָן שוועריקייטן דערגרייכט. ערגעץ אין אַ זײַטיק געסל פֿון דער רי דע לאַ ליר, וואָס איז אַ גאַס פֿול מיט רעסטאָראַנען, פֿריזירערײַען, געשעפֿטן און מיט הײַזער פֿון דער אַלטער באַקאַנטער פּראָפֿעסיע, האָט ווער פֿאַר מיר געפֿונען אַ צימער. מען האָט אים אויסגעווײַסט, אַרײַנגעשטעלט אַן אײַזערן בעט, אַ טישל און ס׳איז פֿאַר מיר געשאַפֿן געוואָרן אַ וווינונג.

איך האָב זיך באַקענט מיט מײַנע שכנים. זיי האָבן געוווּסט, אַז איך בין אַ ייִד. ס׳איז זיי שווער געווען אין דעם צו גלייבן, אָבער אַ פּאָר ווערטער ווי שמע־ישׂראל, מזל־טובֿ זענען געווען גענוג זיי צו איבערצײַגן, אַז איך, דער ווײַסער מיט העלע אויגן, בין דאָך אַ ייִד. זיי האָבן זיך צוגעהערט צו מײַנע ווערטער, צוגעקרעכצט אַ ביסל און אויסגעדריקט זייער כּײַ־בײַ (נעבעך). מיר איז אויך לײַכט געווען זיי אָנצונעמען פֿאַר ייִדן. זיי, כ׳מיין די ייִנגערע פֿון זיי, זענען געווען אָנגעטאָן ווי פֿראַנצויזן, גערעדט בלויז פֿראַנצייזיש. זייערע פֿאַמיליעס, פֿרײַנד האָבן ניט געוויזן קיינע סימנים פֿון ייִדישקייט. – צום סוף האָב איך שוין געוווּסט, אַז דער יוווליר, דער שניטקרעמער, דער פֿריזירער זענען ייִדן און אַז דאָס מיידל, די שוועסטער פֿון מײַן פֿרײַנד, האָט געזאָלט חתונה האָבן מיטן פֿריזירער – אויך אַ ייִד. שוין פֿינף יאָר ווי זי האָט געזאָלט חתונה האָבן, אָבער עס קומט דערפֿון גאָרניט אַרויס.

– ברוגז, – דערקלערט מיר דאָס מיידל.

– ווי קומט עס אַזוי לאַנג ברוגז צו זײַן, – פֿרעג איך – די צײַט לויפֿט דאָך...

– בײַ מיר קען ער וואַרטן, – איז געקומען די אויפֿקלערונג.

ווען מען קוקט זיך צו פֿון דער נאָענט, קען מען באַמערקן בײַ איר די יידישע שטריכן, די טיפֿע וואַרעמע אויגן. פֿון אַ גאָלדן האַלדזשנירל הענגט בײַ איר אַראָפּ אַ מעדאַליאָן – משה רבנו מיט די צוויי לוחות – ער איז צוזאַמענגעבונדן מיט נאָך אַ מעדאַליאָן – יעזוס קריסטוס... כ׳האָב זיך באַקענט מיט אַן אַנדערן טייל פֿון מײַן פֿאָלק, און זיי, די אָרטיקע ייִדן, האָבן מיט מיר גערעדט אָפֿן און האַרציק, אויפֿריכטיק אין אַלע פּרטים.

פּאַמעלעך האָב איך זיך באַקענט מיט מײַנע שכנים פֿון אונטן, פֿון אויבן, אָנגעהויבן זיך צו דערנענטערן.

אין מײַן אַרבעט בין איך אַרײַן טיפֿער, גענומען זיך דערנענטערן צו די אַרבעטער, געוואָרן מער פֿאַרבונדן מיט זיי. כ׳האָב גענומען ערנסט מײַנע פֿליכטן און מײַנע רעכט, זיך פֿאַרשאַפֿט אַפֿילו אַ בלעכענע פּושקע, אָנגעפֿילט זי מיט כל־המינים פֿליישן, געזאָרגט אויך וועגן אַ גוטער זופּ און האָב עס געבראַכט אַהיים צו מײַנע שכנים. זיי האָבן געעפֿנט די אויגן, ניט געקענט פֿאַרשטיין, אַז איך ברענג דאָס אַלץ אומזיסט. זיי האָבן מיר וואַרעם געדאַנקט, זיך אַ ביסל געשעמט פֿאַרן נײַעם שכן, וואָס ברענגט אַזעלכע גוטע זאַכן פֿאַר גאָרניט, גאָרניט.

פֿאַר דער אַרבעט איז עס אויך געווען גוט. איך בין געווען ווי אַלע אַנדערע. כ׳האָב אויך געטראָגן אַהיים פּושקעס מיט עסן, מיט זופּ און פֿלייש. ווי אַלע אַנדערע – דאָס איז סתם געזאָגט. מײַנע אַלזשירער חבֿרים האָבן טאַקע געטראָגן פּושקעס מיט עסן, מיט זופּ און פֿלייש, אָבער אין עסנוואַרג האָבן זיי נאָך וואָס ניט איז צוגעגעבן... באַזילבערטע מעסערס, גאָפּלן לעפֿל – דאָס זענען געווען גוטע זאַכן, אָבער מיר זענען זיי געווען ניט געשמאַק... איך האָב זיך אָנגעהויבן באַקענען מיטן אַלזשירער כאַראַקטער. זאָגן אַ וואָרט קעגן וואָלט איך קיינעם ניט געראַטן. ניט זאָגן וועט אויך ניט זײַן גוט, אויף די זאַך וועט אַ מאָל אַרויפֿשווימען אויפֿן אויבערפֿלאַך.

באַקומען אַרבעט איז אַ גוטע זאַך, אָבער גיי ווייס וואָס עס קען דאָרט

אויף דיר לאָקערן. ניט געקוקט אויף אַלע גוטע זאַכן איז די אַרבעט בכלל ניט געווען קיין פּשוטע, ווײַל מען האָט געאַרבעט אָן שום באַדינגונגען, אָן אַן אָנגענומענעם אַרבעטסטאָג. וואָס האָט זיך באַקומען צום סוף? מיר האָבן אַלע געאַרבעט פֿון 6 אין דער פֿרי ביז 10 אין אָוונט. 16 שעה אָן אַן איבעררײַס.

אַרבעטנדיק אַזוי אַ פּאָר וואָכן מוז מען זיך פֿאַרטראַכטן. מען האָט לײַכט געקענט צעטיילן די אַרבעטער־מאַנשאַפֿט אויף צוויי, אַז די מענטשן זאָלן אַרבעטן צו אַכט שעה!

עס איז ניט געווען קיין שום סיבה ניט אַ פּרוּוו צו טאָן אײַנצואָרדענען אַ נײַעם אַרבעטס־שטייגער, דאָס וואָלט געווען נוציק סײַ פֿאַר די מענטשן, סײַ פֿאַר דער אַרבעט.

איך בין צוגעגאַנגען צום פֿאַראַנטוואָרטלעכן, שיין זיך אַנטשולדיקט, וואָס איך דערלויב זיך צוצונעמען בײַ אים אַ פּאָר מינוטן, און אין אַ פּאָר שטריכן אָנגעוויזן אויף דער מעגלעכקייט צו פֿאַרטיילן די אַרבעט אויף צוויי טיילן: איין טייל זאָל אַרבעטן פֿון 6 ביז 2 און דער צווייטער – פֿון 2 ביז 10 אין אָוונט. אָבער מיר זענען ביידע געווען פֿון צוויי פֿאַרשיידענע וועלטן. זײַנע איז געווען וויכטיקער. ער האָט מיר גלײַך אַ וואָרף געטאָן אין פּנים:

– ביסט געקומען דאָ אָרגאַניזירן, קאָמוניסט, אַרויס!

בין איך אַרויס. כ׳בין געווען אַ פֿרײַער מענטש און עס געקענט טאָן.

איך האָב שוין געהאַט געגוג חבֿרים, וועלכע האָבן זיך מיט מיר אינטערעסירט און גלײַך פֿאַר מיר געפֿונען אַן אַנדער אַרבעטסאָרט.

## פֿון אַמעריקאַנער טיש צום ענגלישן...

מײַן צווייטער אַרבעטסאָרט איז געווען אין דער זעלבער בראַנזשע, אָבער בעסער, אַ סך בעסער אָרגאַניזירט. דאָס איז געווען אַן עסזאַל פֿון די בריטישע ים־כּוחות. דאָ, ווי מען וואָלט זיך שוין געהאַט אָנגעשטעקט מיט מײַן געדאַנק, האָט מען געאַרבעט צו אַכט שעה – פֿון 2 ביז 10 אין אָוונט און פֿון 6 אין דער פֿרי ביז 2 נאָך מיטאָג. דערנאָך – אַ 24־שעהיקער איבעררײַס. דאָס איז אַ גליקלעכע לייזונג, 24 שעה פֿרײַע צײַט אויף אָפּרו, טראַכטן, באַגעגענען מענטשן און דערבײַ ניט שלעכט פֿאַרדינען. און דער הונגער־קאָשמאַר איז ווײַט פֿון דיר – אַ גוטער צושטאַנד, אַ גוט געפֿיל.

מײַן אַרבעט איז געווען פֿון אַ געוויינלעכן קעלנער: געדאַרפֿט דערלאַנגען דאָס עסן, צוריקנעמען דאָס אויסגעליידיקטע געפֿעס. די אַרבעט איז געווען אַן אָנגענעמע. דאָ האָט מען באַדינט העכערע אונטעראָפֿיצירן פֿון בריטישן פֿלאָט, מעכאַניקערס־נענטערע צום אַרבעטסמענטש. זיי האָבן מיך אָפּט פֿאַרהאַלטן לעבן זיך, געכאַפּט אַ שמועס, זיך שנעל באַפֿרײַנדט, גענומען קומען צו מיר אַהיים. זיי האָבן גערעדט וועגן זייער מיידל, וועגן זייער פֿרוי אין דער היים, וועגן מיידל, וואָס האָט זיך דאָ דערנענטערט, וועגן די פֿאַר־1, מיט וועלכער די דײַטשן באָמבאַרדירן איצט לאָנדאָן, זיך נאָכגעפֿרעגט וואָס בײַ מיר אין דער היים טוט זיך, אין מײַן ווײַטער היים, זייער האַרץ באַדעקט מיט אַ מיליטערישן מונדיר האָט וואַרעם געקלאַפּט.

זייערע באַזוכן בײַ מיר האָבן מיך געלאָזט פֿילן, אַז די דירה, וועלכע איך

האָב פֿריִער געדונגען, איז מיר איצט קליין געוואָרן. כ׳בין געוואָרן פֿרײַער, געהאַט מער וואָס צו טאָן אין דער היים, און עס זענען ניט געווען דערצו די מעגלעכקייטן: אָן אַ טיש, אָן אַ שאַנק. סוף־כּל־סוף בין איך דאָך שוין אַרויס פֿון לאַגער, צײַט צו ווערן אַ מענטש!

די געגנט, אין וועלכער כ׳האָב געוווינט, האָט אויך אָנגעהויבן צו דערקוטשען. אמת, די ייִדישע שכנים, וואָס האָבן מיר "אָרגאַניזירט" מײַן שטוב, זענען געווען זייער סימפּאַטישע, אָבער אַנדערע שכנים, בעסער געזאָגט, די שכנות – דאָס איז שוין געווען אַן אַנדער מעשׂה. פֿונעם הויז קעגן איבער מײַן פֿענצטער, אויפֿן צווייטן שטאָק, האָט זיך אָפֿט געהערט מוזיק – ס׳איז געווען פֿריילעך. איז וואָס, שלעבט? זאָל זײַן פֿריילעך, ס׳האָט מיר ניט געשטערט. ביז איין מאָל האָט זיך צווישן די טענער פֿון מוזיק אַרײַנגעריסן אַ געשריי, אַ געוויין פֿון אַ יונגער פֿרוי. אַ געוויין, וואָס האָט אויפֿגערודערט די גאַנצע גאַס. עס האָבן זיך געהערט טענות אויף די העכסטע טענער. אַלץ איז פֿאָרגעקומען אויף אַראַביש. כ׳בין צו מאָרגנס אַרויף צו מײַנע ייִדישע שכנים און געפֿרעגט וואָס עס האָט פּאַסירט.

– גאָרניט, – האָט מען מיר אויפֿגעקלערט – דאָס האָט אַן אונטערהאַלטער אַרײַנגעפֿירט זײַן מיידל, זי זאָל אַ ביסל "אַרבעטן" אין אַ "הײַזל", זיך פֿאַרשאַפֿן אַ ביסל געלט, דערנאָך, האָט ער געזאָגט, וועט ער מיט איר חתונה האָבן... וועט ער... אָבער איצט וויל ער זי מער ניט קענען. האָט זי געשריִען, געוויינט, געוואָרנט. גרויסע זאַכן, זי וועט זיך באַרויִקן און ווײַטער "אַרבעטן"...

אַזוי בין איך געוווּיר געוואָרן, וואָס פֿאַר אַן "אַרבעטסאָרט" עס געפֿינט זיך קעגן איבער מײַן פֿענצטער...

אָדער נאָך אַ פֿאַל. אונטער מײַן צימער איז געווען אַן איינצימערדיקע דירה, וועלכע ס׳האָט פֿאַרנומען אַ יונגע שיינע פֿרוי. דאָס פּנים אירס פֿון אונטער די אויגן ביז אַראָפּ איבער דער גאָמבע איז געווען פֿאַרדעקט מיט אַ ווײַסן וואַל. דער ווײַסער טיול האָט אונטערגעשטראָכן די שיינע שוואַרצע אויגן און שוואַך באַדעקט דאָס יונג, רייצנדיק, ראָזע פּנים. כ׳האָב זי ניט איין מאָל באַגעגנט בײַם אַרײַנגאַנג אין הויז, אויף די טרעפּ. כ׳האָב געקוקט אויף איר קאָרעקט, באַוווּנדערט, געשמייכלט. זי האָט צוריקגעגעבן דעם

שמייכל, דעם "באַנזשור". זי איז געווען אַליין, אָן אַ משפּחה. האָט זי געאַרבעט ערגעץ? ווען איך בין איין מאָל געקומען פֿון דער אַרבעט, איז מײַן צימער געווען אויפֿגעשלאָסן. וואָס איז דאָס? כ׳בין אַרײַנגעגאַנגען און געטראָפֿן ליגנדיק אין מײַן בעט טאַקע זי, די שיינע שכנה. כ׳בין אַרויף צו מײַן פֿרײַנד, וואָס האָט געוווינט אַ שטאָק העכער און איז געווען דער איינציקער, וואָס האָט געהאַט אַ שליסל צו מײַן טיר.

– וואָס איז דאָס? – האָב איך אַ פֿרעג געטאָן.

– אָ, נעם זיך ניט איבער, – האָט ער מיך גענומען באַרויִקן. – די פּאָליציי באַזוכט פֿון צײַט צו צײַט באַקאַנטע צימערן און נעמט פֿון זיי אַרויס די "שיינע דאַמעס", האָב איך זי אַרײַנגעלייגט צו דיר, אין אַ פּריוואַטער שטוב, איבערצוווּאַרטן, דאָרט זוכט די פּאָליציי ניט...

האָב איך שוין געוווּסט ווו איך בין אין דער וועלט. כ׳בין געווויר געוואָרן, אַז אין געוויסע מאָמענטן ווערט מײַן צימער אַ "בשותּפֿותדיקער" – האָב איך זיך גלײַך אַרויסגעקליבן פֿון דער שותּפֿות...

כ׳בין אַוועק וווינען ווידער בײַ אַ ייִדישער משפּחה, אַ גוט אײַנגעזעסענער, אין צענטער שטאָט. דאָס מאָל איז עס געווען די וווינונג פֿון אַ פּאַרפֿאָלק מיט אַ קינד. זי – אַ פֿאַרקויפֿערין אין אַ מאָדע־מאַגאַזין, ער – אַ בוכהאַלטער.

איר שוועסטער האָט געלעבט אין שכנות – אַ טיר לעבן אַ טיר. זי איז געווען אַן אַלמנה מיט דרײַ קליינע קינדער.

– מײַן מאַן איז געווען אַ ריכטער אין העכסטן געריכט, – האָט זי מיר אַרויסגעלייגט איר יסורים־וועג, האַלטנדיק אין האַנט זײַן בילד, ווו ער איז אין זײַן טאָגע. – מײַן מאַן איז געווען אָנגעזען און געשעצט. אין טאָג ווען היטלער איז אַרײַן אין פּאַריז האָט ער גענומען זײַן רעוואָלווער און בײַם טיש, אויף זײַן אַרבעטס־פּאָסטן, זיך דערשאָסן... נו, טוט מען אַזעלכס? האָט זי פֿאַרענדיקט איר טרויעריקע געשיכטע, ברעכנדיק דערבײַ אירע קנאָכיקע פֿינגער.

איך בין געזעסן שטיל, פֿאַרטראַכט. איר פֿראַגע איז געווען אַ רעטאָרישע. וואָס האָב איך געקענט זאָגן? אַ ייִד, אַן עקזאַלטירטער, איז דאָס אַלץ וואָס ער האָט געקענט טאָן? צי האָט זיך דאָ צונויפֿגעמישט די

ייִדישע פֿילבאַרקייט מיט דער אַראַבישער היציקייט פֿון דער סבֿיבֿה אין וועלכער ער האָט געלעבט?

די וווינונג איז געווען אַ גענוג גרויסע. מיר האָט מען צוגעטיילט פֿאַר חודש־געלט אַ שיין צימער - דעם סאַלאָן. דער לוין פֿון ביידע מײַנע באַלעבאַטים צוזאַמען אין מלחמה־צײַט איז ניט געווען קיין צו גרויסער. מײַנע פֿאָר פֿראַנק וועלן זיי צו ניץ קומען, זאָל זיי וויל באַקומען - אַ ליבע משפּחה. ס׳איז וויכטיק געווען ניט בלויז דאָס געלט וואָס כ׳האָב זיי געצאָלט. אויך בײַ די ענגלענדער האָט מען געקענט ניט ווייניק אַהיימנעמען פּוטער, קאַווע, סאַרדינען, - ניט פֿון די קליינע זאַכן אין מלחמה־צײַט - מיר איז ליב געווען, אַז איך האָב געקענט די מענטשן העלפֿן. כ׳האָב געבענטשט די אַרבעט וואָס האָט מיר דערמעגלעכט צו לעבן גוט און אויך צו העלפֿן פֿרײַנד.

כ׳האָב אַוודאי גוט געאַרבעט. מײַן רעפּוטאַציע איז געוואַקסן. יעדן שבת צו נאַכט פֿלעגט אין עסזאַל פֿאָרקומען אַ טאַנצאָוונט. עס פֿלעגן קומען ענגלענדער פֿון די ים־איינהייטן, אָרטיקע פֿרויען פֿון דער ציווילער באַפֿעלקערונג, וועלכע די אָפֿיצירן האָבן אײַנגעלאַדן. בעתן טאַנץ איז געווען אַן איבעררײַס. מען פֿלעגט געבן קאַווע, קיכעלעך צום פֿאַרבײַסן. פֿאַר דער מאָראַל פֿונעם אָוונט איז געווען פֿאַראַנטוואָרטלעך דער טשעפּליין*. צוגרייטן די קאַווע, קיכעלעך איז געווען מײַן אויפֿגאַבע. כ׳ווייס ניט פֿאַר וואָס דער טשעפּליין האָט פֿון אַלע אַרבעטער גראָד מיך געפֿונען, אָבער כ׳בין געווען צופֿרידן, וואָס כ׳האָב געקענט צולייגן אַ האַנט צו הייבן די מאָראַל פֿון די יונגע חבֿרה. ניט איינער פֿון זיי האָט מיט פֿרייד מיך באַגעגנט אויפֿן אָוונט - כאָטש אַ פֿרעמדער אָבער פֿאַר זיי אַן אייגענער. איך האָב זיי אויך אָפּגעגעבן כּבֿוד, מיר האָט מען פֿאַר דער דאָזיקער אַרבעט באַזונדער געצאָלט. חוץ דעם, וויפֿל מענטשן עס פֿלעגן ניט קומען - קאַווע, קיכעלעך פֿלעגן שטענדיק בלײַבן, און איך האָב געהאַט וואָס מיט צונעמען. מײַנע הויז־אייגנטימערס, באַקאַנטע האָבן געהאַט אַן אומגעריכטע מתּנה. דער טשעפּליין האָט אַכטונג געגעבן, אַז די

* וואָנגעלישער גײַסטלעכער.

איַינגעלאַדענע זאָלן זיך גוט אויפֿפֿירן און זאָלן קאָרעקט זיַין באַדינט. מיר איז ליב געווען די דאָזיקע אַרבעט, ס'איז מיר אויך ליב געווען אין דער היים, מיַינע חבֿרים און חבֿרטעס האָבן געקענט זיצן ביַי מיר און שמועסן ביז אין דער שפּעטער נאַכט אַריַין ביַי קאַווע און קיכלעך.

איין מאָל, נאָכן אַרויסגיין באַגלייטן מיַינע חבֿרים, ווען כ'האָב זיך אומגעקערט איז אין צימער געווען טונקל, טונקעלער ווי פֿריִער. כ'האָב זיך אַרומגעקוקט, יאָ, די עלעקטרישע לעמפּלעך אין דער לוסטרע זענען אויסגעטוישט געוואָרן אויף קלענערע, אָבער מיר האָט מען פֿריִער ניט געזאָגט קיין איין וואָרט. כ'בין געבליבן שטיין אין דער האַלב־פֿינצטערניש. ניט שיין. נאָך אַלע מיַינע מתּנות האָט מען מיר די פּאָר שעה ליכט געקענט שענקען. כ'האָב זיך מיט איין מאָל דערפֿילט פֿרעמד, אָפּגעשניטן. כ'האָב ניט געטראַכט, ניט געהאַט וואָס צו טראַכטן. אויף מאָרגן, פֿאַרן גיין צו דער אַרבעט האָב איך צו וויסן געגעבן דער פֿרוי, אַז איך פֿאַרלאָז די ווינונג. די פֿרוי האָט געוויינט, געוואָלט מיט מיר רעדן, איבערבעטן, זי האָט האַרציק באַדויערט, איך אויך. אַן אידילישע האָט זיך איבערגעריסן. אַ שאָד! כ'האָב זיך געטראָפֿן מיט אַ היציקן, איַילקן שריט פֿון איר מאַן. איך האָב ניט געקענט, ניט געוואָלט עס אַראָפּשלינגען. כ'האָב באַשלאָסן צו זוכן אַן אַנדערע ווינונג, אָבער פּאַמעלעך, דאָס מאָל זיך ניט איַילן, זיך גוט אַרומקוקן. איך בין אַוועק צו דער אַרבעט.

כ'ווייס ניט ווי אַזוי עס איז דערגאַנגען צו מיַין אַרבעטסאָרט, אַז כ'זוך אַ דירה. איינער פֿון די ענגלענדער, דער אינטענדאַנט פֿון דער באַזע, האָט מיך געשיקט צום קאַפּיטאַן טהאָמאַס – ער וועט מיר העלפֿן אין דעם ענין. ס'האָט מיך געוווּנדערט, ווי קומט ער צו דעם? אָבער געזאָגט איז געזאָגט, כ'קען זיַין אָנוויַיזונג ניט אַוועקמאַכן מיט דער האַנט. קיין סך האָב איך ניט דערוואַרט אָבער כ'בין אַוועק צום קאַפּיטאַן טהאָמאַס.

לויט דעם אָנגעגעבענעם אַדרעס בין איך דערגאַנגען צו אַ הויז, אַזאַ ווי אַ סך היַיזער אין אַלזשיר. כ'בין אַהין אַריַין אָן שוועריקייטן – ניט געווען קיין וואַך. קיין פֿאָרצימער, כ'בין פּשוט אַריַין אין אַ ביוראָ, וווּ ס'זענען געזעסן פֿרויען ביַי שריַיב־מאַשינען, ענגלישע מיליטער־לײַט ביַי שריַיב־טישן, און מען האָט מיר אָנגעוויזן דעם קאַפּיטאַן טהאָמאַס. ער האָט

אַוודאי דערקענט לויט דער באַוועגונג, אַז דאָס מיינט מען אים, אַ שמייכל געטאָן צו מיר און צוגערופֿן.

עס האָט זיך אָנגעהויבן אַ שמועס: ער האָט געהערט וועגן מיר קאָמפּלימענטן, אַז כ׳בין אַ פּינקטלעכער, אַ דיסציפּלינירטער, געוואָלט וויסן ווי אַזוי כ׳בין אַהער געקומען, געוואָלט וויסן וועגן מײַן זײַן אין שפּאַניע, אין די לאַגערן, ווי ס׳לעבט זיך מיר איצט. וועגן אַ דירה האָט ער ניט גערעדט. מיר האָבן געשמועסט וועגן אַלץ און אַלעמען, ער איז געווען אַ גוט דערצויגענער, אינטעליגענטער מענטש, אָבער צו די רייד וועגן אַ דירה זענען מיר ניט געקומען. איך האָב זיך שנעל אָריענטירט, אַז איך געפֿין זיך אין אַן אָפּטיילונג פֿון "אינטעלידזשענס סערוויס", און ער האָט געזען, אַז איך בין ניט דער ריכטיקער קאַנדידאַט... מיר האָבן זיך פֿרײַנדלעך געזעגנט, און איך האָב ווײַטער געזוכט אַ דירה. רויִק. ס׳ברענט ניט.

כ׳האָב ווײַטער געאַרבעט, געלעבט מײַן נאָרמאַל לעבן, אָבער עס זענען פֿאַרבײַ בלויז אַ פּאָר טעג, און מען האָט מיך גערופֿן אין אַ "קאָמיטעט צו הילף די פּליטים". וואָס איז דאָס? מיט וואָס עסט מען עס? האָב איך מיר גענומען צײַט און בין אַהין אַוועק אַ שמועס טאָן – וואָס קען פּאַסירן? כ׳בין אַוועק צו דער באַשטימטער שעה. דאָס מאָל איז עס געווען אַ הויז פֿול מיט ביוראָס, מיט שרײַבמאַשינען, באַאַמטע אַמעריקאַנער. כ׳האָב געוויזן מײַן אײַנלאַדונג און מען האָט מיך גלײַך אַרײַנגעפֿירט צו דעם, וועלכער האָט מיך אײַנגעלאַדן. אויף זײַן טיש איז געווען אַ וויזיט־קאַרטע: פֿיעלד. זײַן נאָמען האָב איך ניט פֿאַרגעדענקט. כ׳האָב געוואַרט, געוואָלט הערן פֿון וואָס וועט ער אָנהייבן. ער האָט ניט געמאַכט קיין לאַנגע שפּיל און גלײַך אַריבער צו דער פֿראַגע וועגן מײַן וווינונג. ער האָט געהערט, אַז איך האָב שוועריקייטן, וויל ער וויסן אין וואָס זיי באַשטייען. כ׳האָב ניט געהאַט קיין סיבה צו זײַן דערווידער: אַ מענטש, וועלכער קען מיך ניט, פֿרעגט מיך וועגן פּערזענלעכע שוועריקייטן, און איך בין אין אַן אַמעריקאַנער אינסטיטוציע, וועל איך בלײַבן אין קאָרעקטע, בירגערלעכע ראַמען. כ׳האָב אים דערציילט, אַז איך זוך אַ וווינונג, אַז כ׳האָב געזען אַזאַ, וועלכע איז מיר געפֿעלן, אָבער דער באַלעבאָס האָט געפֿאָדערט אַ הויכן פּרײַז. און כ׳האָב

געזאָגט וויפֿל. ער האָט אַרײַנגעקוקט אין אַ בוך און גלײַך געפּסקנט:

– ער האָט ניט קיין רעכט צו פֿאָדערן אַזוי פֿיל, ווער איז עס?

כ׳האָב זיך דערפֿילט ניט היימיש. אַ פּשוטער בירגער וויל פֿאַרדינען אַ פּאָר גראָשן, וויל פֿאַרדינגען אַ צימער, דאַרף איך זאָגן זײַן נאָמען?

– ווי הייסט ער? – האָט געפֿאָדערט דער מענטש בײַם ביוראָ.

ס׳האָט זיך בײַ מיר געשאַפֿן אַן אומווילן: וואָס וויל דער מענטש פֿון מיר? וואָס האָט ער זיך צוגעטשעפּעט? ס׳איז מיר ניט קלאָר געווען און אפֿשר איז מיר מיט איין מאָל יאָ קלאָר געוואָרן: דער מענטש וויל מיך אַרײַנפּלאָנטערן אין אַן ענין, וואָס קען גיין ווײַטער און טיפֿער.

– כ׳ווייס ניט דעם נאָמען פֿון דעם מענטשן. וואָלט איך געדריקט, וואָלט ער אפֿשר אַראָפּגעלאָזט פֿון פּרײַז, – האָב איך צו נישט געמאַכט די אינטריגע.

– און ווי האַלט עס מיט דער ווינונג? – האָט ער ווײַטער געדריקט.

– אָ, כ׳וועל שוין געפֿינען – און כ׳האָב אַ הייב געטאָן מיט די פּלייצעס.

ער האָט דערפֿילט מײַן ווידערווילן, פֿאַרשטאַנען, אַז ער האָט ניט מיט וועמען צו רעדן. דער שמועס איז שנעל פֿאַרענדיקט געוואָרן. כ׳האָב פֿאַרשטאַנען וואָס דער מענטש האָט געוואָלט פֿון מיר. ער האָט עס געטאָן אומגעלומפּערט, און איך האָב ניט געוואָלט פֿון יעדער הילף געהאָלפֿן ווערן... אין צײַטן פֿון קריג האָבן אַרמייען פֿאַרוויקלטע אויפֿגאַבעס, זוכן אַ דירה פֿאַר מיר איז זיכער זייער לעצטע זאָרג. זיי האָבן געהאַט אַנדערע זאָרגן, איך אויך. האָב איך אַלץ געטאָן, אַז דער שמועס זאָל זיך וואָס גיכער ענדיקן. כ׳בין אַוועק, געגאַנגען ווײַטער מײַן וועג.

אַ דירה? ס׳וועט שוין קומען, – כ׳האָב צײַט. און זי איז געקומען, שנעלער ווי איך האָב געמיינט.

זשאָרזשעט, אַ פֿראַנצויזין, מײַנע אַ באַקאַנטע פֿון אַלזשיר, וואָס האָט געהערט וועגן מײַן דירה־זוכעניש, האָט מיך אַ כאַפּ געטאָן בײַ דער האַנט און גלײַך אַרויסגעלייגט אַן דריידלער:

– הער זיך אײַן, ווי אין פּוילן, ווי אין אַנדערע לענדער אין אייראָפּע, גייסטו שטענדיק צו ייִדן זוכן אַ ווינונג. דאָ ביסטו אין אַלזשיר, ס׳איז ניט דײַן וועלט, דו קענסט זיי ניט, לאָז זיי צו רו! בײַ מײַן שוויגער איז פֿאַראַן אַ

פֿרײַ צימער, ס׳וועט דיר אפֿשר קאָסטן אַ פּאָר סענט מערער. אָבער וועסט האָבן דײַן צימער, אַ וואַשצימער מיט אַלע אַנדערע באַקוועמלעכקייטן, אַלץ וואָס דו דאַרפֿסט. וועסט זײַן אין אַ נאָענטער, ריינער, רויִקער סבֿיבֿה.

כ׳האָב געקוקט אויף דער פֿרוי – זי איז געווען אין די לינקע אינטעלעקטועלע קרײַזן. איר שפּראַך, איר אופֿן פֿון רעדן איז מיר געווען נאָענט. כ׳האָב זיך גוט צוגעהערט און צו מאָרגנס זיך מיט איר געטראָפֿן, אַוועק אויפֿן אָרט אַ קוק טאָן.

דאָס איז געווען אַ שיין, נײַ הויז פֿון זיבן שטאָק מיט אַ ווינדע, אַ הויז אויפֿן בולוואַר לאַפֿעריער, איינער פֿון די שיינסטע, עלעגאַנטסטע בולוואַרן אין אַלזשיר. כ׳בין אַרײַן אינעווייניק, אַ קוק געטאָן אויפֿן צימער, אַ בליק געטאָן אויף דער וווינונג – זי איז געווען געראַום און שפּעדיק. כ׳בין אַרויס אויפֿן באַלקאָן, געקוקט אויפֿן צענטראַלן פּלאַץ. אַרום זענען געווען הויכע, נײַע הײַזער, אַרומגערינגלטע מיט ביימער. אויף אַ בכּבֿודיקן אָרט איז געשטאַנען דער אימפּאָזאַנטער נאַציאָנאַלער מאָנומענט, בײַ וועלכן עס זענען פֿאָרגעקומען די גרויסע נאַציאָנאַלע פֿײַערונגען. וואָס זאָל איך זאָגן – ס׳איז באמת געווען שענער און פּרייכעבער ווי אין יענע שמאָלע, טונקעלע געסלעך, אין וועלכע איך האָב ביז איצט געלעבט.

לעבן מיר איז געשטאַנען די באַלעבאָסטע פֿון דער וווינונג טאַנט מאַרי, אַ פֿרוי אין די זעכציקער, אַ ליבהאַרציק פּנים האָט געקוקט אויף מיר. דער ענין איז געוואָרן דערליידיקט אויפֿן אָרט. צו מאָרגנס, נאָך דער אַרבעט, בין איך אַריבער אין מײַן נײַער וווינונג.

דאָרט בין איך צו מײַן גרויסן פֿאַרגעניגן געבליבן איבער דרײַ יאָר, ביזן פֿאַרלאָזן אַלזשיר.

## נײַע אַלטע ווינטן...

עס איז געווען דער 23סטער פֿעברואַר, דער טאָג פֿון דער רויטער אַרמיי. די יונגע, נאָר וואָס צוריקאויפֿגעשטעלטע פֿראַנצייזישע אַרמיי האָט אין אַלזשיר געמאַכט אַן אויפֿמאַרש לכּבֿוד איר סאָוועטישער פֿאַרבינדעטער. זי האָט מאַרשירט דורך אַ שפּאַליער פֿון דער באַפֿעלקערונג, וועלכע האָט זי וואַרעם אויפֿגענומען. כ׳בין געשטאַנען און געקוקט אויף אַלץ – אויף די פֿאַרבײַמאַרשירנדיקע יונגע, יום־טובֿדיק אָנגעטאָנענע סאָלדאַטן, וואָס זענען געשטאַנען פֿאַר שווערע וואָכעדיקע טעג, אויף דער באַפֿעלקערונג, וואָס האָט געיובֿלט, הנאה געהאַט וואָס זי קען אַרויסווײַזן איר באַפֿרײַטע שׂימחה.

לעבן מיר איז געשטאַנען אַ סימפּאַטישע יונגע פֿרוי, וועלכע האָט זייער ענטוזיאַסטיש געגריסט די דורכמאַרשירנדיקע סאָלדאַטן. זי האָט מיך פֿאַרכאַפּט מיט איר ברען. זי איז געווען פֿון דער לינקער יוגנט, מיר גלײַך אַרויסגעוויזן סימפּאַטיע ווי צו איינעם פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע און מיך אײַנגעלאַדן אויף אַ טרעפֿונג אין אָוונט אין איר קלוב. איך בין אַהין אַוועק, אָנגעהויבן אַרײַנצוקומען אין די פֿרײַע נאָכמיטאָגן, זיך באַקענט, דערנענטערט צו דער חבֿרה – אַ ליבע יוגנט, און ווי אומעטום די אַלטע מעשׂה – 80 פּראָצענט פֿון זיי זענען ייִדן... זייער ווייניק ניט־ייִדן און כּמעט ניטאָ קיין אַראַבער? ווי אַ חבֿר זינט יאָרן אין דער יוגנט־באַוועגונג האָב איך געהאַט מיט זיי אַ געמיינזאַמע שפּראַך און בין שנעל דורך זיי אָנגענומען געוואָרן.

די ייִדישע חבֿרה זענען געווען די אָנפֿירנדיקע, דער אַקטיווער טייל. דער סעקרעטאַר פֿון דער יוגנט איז געווען אַנרי, אַ יונגער חבֿרה־מאַן פֿון טערקײַ. אַ דערצויגענער אין אַלזשיר האָט ער גוט באַהערשט די פֿראַנצייזישע שפּראַך, געווען דער רעדאַקטאָר פֿון די בולעטינען, בלעטלעך, וועלכע די יוגנט האָט אַרויסגעגעבן. ער האָט געאַרבעט אין איינעם פֿון די אָרטיקע פֿאַרלאַגן. געווען אַ פֿעיִקער, ענערגישער חבֿרה־מאַן. עס האָט פֿון אים געשפּרודלט מיט לעבן, הומאָר. די יונגע חבֿרה האָט ממש געקלעפּט צו אים, אים באַשענקט מיט סימפּאַטיע, צוטרוי. אין דער פּאַרטיי איז ער געווען הויך געשעצט. ווען די לאַגע אין אַלזשיר איז געוואָרן קריטיש פֿאַר דער פֿראַנצייזישער מאַכט און ס׳האָבן זיך אָנגעהויבן די רעפּרעסיעס קעגן די אַראַבישע נאַציאָנאַליסטן און די לינקע קרײַזן, איז אַנרי געווען צווישן די ערשטע, וועלכע זענען אַרעסטירט געוואָרן. אין אַרעסט האָט מען אים גרויזאַם געפּײַניקט, געוואָלט בײַ אים אַרויסבאַקומען סודות וועגן דער ווידערשטאַנד־באַוועגונג, וועלכע האָט זיך געהיט פֿון דער פֿראַנצייזישער מאַכט און... דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. ווען ער איז באַפֿרײַט געוואָרן האָט ער אין אַ באַזונדערער בראָשור איבערגעגעבן די פּרטים פֿון דער ברוטאַלער אויספֿאָרשונג.

אַ צווייטער פֿעיִקער, אַקטיווער בחור איז געווען טשיקאָ. ווי זײַן נאָמען זאָגט עדות זאָל ער האָבן געשטאַמט פֿון אַ ספּאַניאָלישער משפּחה. ער האָט געטראָגן דעם שפּאַנישן סימפּאַטישן צונאָמען "טשיקאָ" – דער קליינער. ער איז ניט געווען קיין קליינער, אָבער אַזוי האָט מען אים גערופֿן אין דער היים, און מיט דעם נאָמען איז ער געקומען אין דער יוגנט־באַוועגונג. טשיקאָ אַהין – טשיקאָ אַהער, אַזאַ האָבן מיר אים געקענט – אַ חנוודיקער, ריירעוודיקער, אַן אַקטיווער. אומעטום האָט מען אים געזען, געפֿילט און ליב געהאַט. אַז ער איז אַ ייִד האָב איך אַפֿילו ניט געטראַכט.

אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע איז דעמאָלט געווען אַ סימפּאַטישע בחורטע קאָלעט. זי איז געווען אַרײַנגעטאָן אין דער אַרבעט אומעטום. זי האָט געפֿירט דאָס פֿרויען־ווינקל אין דער יוגנט־צײַטונג, געלערנט דאָרט ווי צוצושנײַדן אַ קלייד, מאַכן אַ לעקעך, אַ פֿלאָדן – זי האָט אַלץ געקענט און געטאָן מיט חן, געווען איבערגעגעבן דער זאַך מיט לײַב און לעבן. זי האָט עס

געהאַט פֿון דער היים – דער טאַטע איז געווען אַן אָנגעזעענער פּאַרטיי־טוער, האָט מען צו איר אויך געהאַט דעם פֿולן צוטרוי. און זי איז געווען פֿריילעך, לעבעדיק, טעטיק, געליבט בײַ אַלע מען! איז וואָס איז דער וווּנדער, אַז טשיקאָ און קאָלעט האָבן זיך דערנענטערט גאָר שטאַרק, פּשוט אָט, אָט – אָבער ניין:

– מיט טשיקאָ? מיט אַ ייִד? – האָט דער טאַטע, דער חשובֿער פּאַרטיי־טוער, געדונערט. – ניין! איבער מײַן טויטן קערפּער!

מאַרקס, ענגעלס, לענין, סטאַלין, אַנטיפֿאַשיזם, אינטערנאַציאָנאַליזם – אַלץ צוזאַמענגענומען האָט געהאָלפֿן ווי אַ טויטן באַנקעס, ס'איז דערפֿון גאָרניט געוואָרן.

געווען אין דער יוגנט־אָרגאַניזאַציע ניט ווייניק ייִדישע מיידלעך. איך געדענק אייניקע פֿאַמיליעס: בען־סימאָן, טימסיט, סמאַדיאַ, אַמאַר. זיי האָבן זייער ייִדישן אָפּשטאַם ניט באַהאַלטן, אָבער מיינסטנס האָב איך זיי געקענט לויט די נעמען, פֿון וועלכע מען האָט ניט שטענדיק געקענט וויסן וועַר זיי זענען. וועגן היגעט און אַרלעט האָב איך גלײַך געוווּסט, אַז זיי זענען ייִדישע. זיי האָבן שיין געזונגען, באַזונדערס לירישע לידער. מיט טעם האָבן זיי געזונגען די לעצטע רוסישע מלחמה־לידער. איך האָב פֿאַר זיי געמוזט איבערזעצן אייניקע פֿון רוסיש אויף פֿראַנצייזיש. זיי האָבן די לידער געזונגען אין צוויי שטימען פֿון דער סצענע.

דערציילן וועגן יעדערער באַזונדער וואָלט געשאַפֿן אַ גאָר רײַכן, ליבן רעגנבויגן זיי זענען געווען אַ טייל פֿון די ייִדן פֿון נאָענטן מיזרח, וועלכע זענען אונדז אַזוי ווייניק באַקאַנט. אין די פֿאַרשיידענע לענדער האָבן די מלחמות, פֿאַרפֿאָלגונגען, פּאָגראָמען זיי צוזאַמענגעשמידט אין איין בלאָק – ייִדן. אַ טייל פֿון זיי האָט פֿאַרוואַנדערט קיין אַלזשיריע, זיך דאָ באַזעצט. ווען? ווי אַזוי? כ'האָב קיין היסטאָרישע פֿאָרשונגען ניט געמאַכט. אין זכּרון בײַ מיר זענען פֿאַרבליבן בלויז שמועסן, ידיעות, וועלכע זענען געגאַנגען פֿון מויל צו מויל. שטעל איך זיי צונויף, באַקום איך אַ בלײַבן סילועט פֿון דער געשיכטע פֿון די ייִדן אין אַלזשיריע.

אין שפּאַניע איז דאָ אַ שטאָט טאָלעדאָ, טענהען ייִדן, אַז דער דאָזיקער נאָמען שטאַמט פֿון העברעיִשן "תולדות". ייִדן זענען געווען אין שפּאַניע

שוין אין זיבעטן יאָרהונדערט, נאָך פֿאַר דעם ווי די אַראַבער האָבן פֿאַרנומען דאָס לאַנד. ניט איין טאָלעדאָ איז אויפֿגעקומען אַרום מיטללענדישן ים. ווען די אַראַבער האָבן אין זיבעטן יאָרהונדערט דעררעאָבערט אַלזשיריע, האָבן זיי שוין דאָרט געטראָפֿן אַ ייִדישן יישובֿ. געווען אַפֿילו אַ ייִדיש־בערבערישער שבֿט יאַראַוואַ, וועלכער האָט געפֿירט מלחמות, אויך זיגרייַכע, מיט די אַראַבישע אַרייַנדרינגלער פֿון מיזרח. מען גיט אַפֿילו אָן דאָס יאָר, ווען דער שבֿט האָט אויפֿגעהערט צו עקסיסטירן – 693. צוזאַמען מיט די אַראַבישע דעררעאָבערער זענען אויך געקומען ייִדן, וועלכע האָבן צוריק אויפֿגעשטעלט די חרובֿע ייִדישע יישובֿים.

די ייִדישע באַפֿעלקערונג אין אַלזשיריע האָט דאָ דורכגעלעבט מלחמות, פֿאַרפֿאָלגונגען, געהאַט יאָרן פֿון אויפֿבלי און ירידה – צייַטן ווען זיי האָבן געהאַט גרויס דערפֿאָלג אין יודאַיזירן די בערבֿערן און צייַטן ווען זיי זענען דורך די אַראַבישע מושלים פֿאַרקויפֿט געוואָרן ווי שקלאַפֿן. זייער צאָל איז געוואַקסן אָדער געפֿאַלן אין רעזולטאַט פֿון די מלחמות, קאָנפֿליקטן־אינערלעכע און אויסערלעכע, אין צייַטן פֿון רויב און פּאָגראָמען.

בעתן גירוש־שפּאַניע איז זייער צאָל שטאַרק געוואַקסן און אויך זייער באַטייַט. ער האָט מיט זיך געבראַכט דאָקטוירים, פּראָפֿעסאָרן, באַנקירן. זיי האָבן דעם ייִדישן יישובֿ אַ שטופּ געטאָן פֿאָרויס. זיי האָבן פֿאַרנומען אַ חשובֿן אָרט אין האַנדל און אין דערווירטשאַפֿט פֿון לאַנד.

די אַרויסגעטריבענע ייִדן פֿון איטאַליע, וועלכע זענען געקומען קיין אַלזשיריע, האָבן אויך ניט ווייניק געגעבן זייער צושטייַער צו דער אַנטוויקלונג פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג.

פֿראַנקרייַך האָט שוין לאַנג באַגערט דעם ריזיקן שטח, אַלזשיריע, וואָס איז געלעגן אויפֿן דרום, אָפּגעטיילט פֿון איר דורכן ים, שטאַרק געוואָלט אים האָבן אונטער איר הערשאַפֿט. אָבער אַלזשיריע האָט עס ניט געוואָלט. עס זענען געווען צייַטן, ווען ענגלאַנד, שפּאַניע און האָלאַנד זענען געוואָרן קאָלאָניאַלע גרויסמאַכטן, איז ווי לאַנג זיצט מען און מען וואַרט? מען קען ניט זאָגן, אַז די פֿראַנצויזן זענען סתּם געזעסן און געוואַרט. זיי האָבן, אַוודאי, ניט ווייניק געטאָן, אָבער עס איז ניט געגאַנגען. האָט זיך פֿראַנקרייַך

לסוף גענומען דערצו אויף אַ "דיפּלאָמאַטישן אופן". דער פֿראַנצייזישער קאָנסול האָט זיך באַוויזן בײַם דיי פֿון הוסיין און מיט אים אָנגעהויבן אַ לענגערן שמועס. איך ווייס ניט, כ׳בין דערבײַ ניט געווען, צי האָט פֿראַנקרײַכס פֿאָרשטייער געוואָלט רעדן "תּכלית", צי האָט ער זיך געאײַלט אין שמועס? פֿון די פֿראַנצייזישע געשיכטע־ביכער ווייס איך בלויז, אַז אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער דיי פֿון הוסיין אים אַראָפּגעלאָזט אַ פּאַטש. צי דער פּאַטש איז געווען אַ קלינגענדיקער, צי איז ער בכלל געגעבן געוואָרן, וועגן דעם דאַרף מען ניט פֿרעגן. אין פּאַריז זענען שוין געווען מענטשן, וואָס האָבן געדאַרפֿט הערן און זיי האָבן געהערט. וועט מען אַזאַ זאַך פֿאַרשווײַגן?

פֿאַרשטייט זיך, אַז דער פֿראַנצייזישער קריגספֿלאָט איז שוין דאָרט "צופֿעליק" געווען און די אַרמיי אויך, און זיי זענען גלײַך אַרײַן אין קאַמף. אין רעזולטאַט דערפֿון האָט פֿראַנקרײַך פֿאַרנומען אַלזשיריע – דאָס איז געווען אין יאָר 1830. ניט אַזוי שנעל איז אַלץ פֿאָרגעקומען, ס׳האָט געדויערט ביז 1847, ביז די פֿראַנצויזן האָבן באַהערשט דאָס לאַנד.

אין יאָר 1840 האָבן די פֿראַנצויזן גענומען באַפֿעלקערן אַלזשיריע מיט... שפּאַניער, איטאַליענער און דער עיקר מיט פֿראַנצויזן, זיי באַזאָרגט מיט היפּשע טיילן לאַנד צו פֿאַרשפּרייטן... פֿראַנצייזישע קולטור. ניט איין מאָל האָסטו געקענט הערן ווי אַן אַלזשירער ציטירט מיט חוזק וואָס מען האָט אים געלערנט אין שול: "אונדזערע אורעלטערן, די גאַליער, האָבן געהאַט בלאָנדע האָר, בלאָע אויגן..."

אין יאָר 1840 זענען די ייִדן געוואָרן פֿראַנצייזישע אונטערטאַנען און אין 1870 זענען זיי אויפֿן סמך פֿון קרעמיעס דעקרעט געוואָרן פֿראַנצייזישע בירגער.

אין צווייטן וועלטקריג, אונטער פּעטענס ווישי־רעגירונג, זענען זייערע רעכט שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן. קרעמיעס געזעץ האָט אויפֿגעהערט צו גילטן. עס זענען געווען באַגרענעצונגען פֿאַר ייִדן אין די אוניווערסיטעטן, הויכשולן, די ראַסן־געזעצן זענען אײַנגעפֿירט געוואָרן מיט דער פֿולער קראַפֿט. עס האָט זיך געשאַפֿן אַ ווידערשטאַנד־באַוועגונג קעגן דער מאַכט פֿון ווישי. בראָש פֿון דער דאָזיקער באַוועגונג זענען געשטאַנען

די צום מיינסטן באַוואוסטע ייִדן - פּראָפֿעסאָר רפֿאל אַבולקער, סטעפֿאַן אַבולקער, זשאַן דרײַפֿוס, זשאַן גאָזלאַן און ראָזשע זשיַ. אַרום זיי האָט זיך גרופּירט דער אַקטיוו בראָש מיט זשאָזע אַבולקער, דער זון פֿון רפֿאל. די דאָזיקע באַוועגונג האָט דעם 8טן נאָוועמבער 1942 פּאַראַליזירט אַלזשיר, און ס'איז מיט דערפֿאָלג דורכגעפֿירט געוואָרן די לאַנדונג פֿון די אַלײִרטע כּוחות.

נאָך דער לאַנדונג פֿון די אַלײִרטע כּוחות האָט די ייִדישע קהילה אויפֿגעוואַכט צום לעבן - זי האָט דעמאָלט געציילט 140 טויזנט מענטשן.

ווען איך בין אין אַ פּאָר חדשנים שפּעטער געקומען אין דער קהילה צו איר פּאָרזיצער גאָזלאַן, האָט ער מיך, ווי דעם ערשטן אייראָפּעיִשן ייִד, וואָס ער האָט געזען, אויפֿגענומען מיט אָפֿענע אָרעמס און מיט טרערן אין די אויגן געדריקט צום האַרצן.

איצט בין איך געשטאַנען צווישן דער אַלזשירער יוגנט, אַ סך פֿון זיי ייִדישע ייִנגלעך, מיידלעך, אָפּשטאַמיקע פֿון שפּאַניע, טערקיַי, איטאַליע, עגיפּטן, וועלכע האָבן זיך דאָ געטראָפֿן נאָך רדיפֿות, וואָגלענישן. דאָס אַלץ האָט פֿאָרמירט זייערע גרויסע, שוואַרצע, טרויעריקע אויגן. אויב מען זאָל אָפּוואַרפֿן די שפּראַך, פֿראַנצייזיש, אויף וועלכער זיי האָבן גערעדט, זענען זיי אַלע ענלעך געווען ווי צוויי טראָפּנס וואַסער צו דער ייִדישער יוגנט פֿון די שטעט און שטעטלעך פֿון פּוילן, בעלגיע, פֿראַנקרײַך. זיי זענען מיר גלײַך געוואָרן נאָענט און איך זיי אויך. מיר זענען גיך געוואָרן פֿרײַנד. כ'האָב ניט ווייניק פֿרײַע צײַט פֿאַרבראַכט מיט זיי, געגאַנגען אויף אויספֿלוגן, געזונגען מיט זיי, געשפּאַסט צוזאַמען. זיי האָבן מיך אײַנגעלאַדן צו זיך אַהיים - היימען ייִדישע, ניט־ייִדישע, מיך דערנענטערט צו דער היגער געזעלשאַפֿט. דער ליידיקער אַרום איז געוואָרן אויסגעפֿילט - ווי גוט!

און איך האָב ווײַטער געאַרבעט אין עסזאַל פֿון די בריטישע ים־כּוחות. די אַכזריותדיקע מלחמה איז אָנגעגאַנגען מיט איר פֿאַרלענדערישן כּוח, און איך, אַ קליין שרײַפֿעלע אין דער גיגאַנטישער, מעכטיקער מאַשין, - האָב געקענט טאָן בלויז די קליינינקע אַרבעט, וועלכע איז מיר צוגעטיילט געוואָרן. כ'האָב זיך באַמיט זי צו טאָן געוויסנהאַפֿט.

מײַנע חבֿרים אויף דער אַרבעט זענען אין גרעסטן טייל געווען שפּאַניער, וואָס האָבן אײַנגעוואַנדערט אַהער נאָך דער מפּלה פֿון דער שפּאַנישער רעפּובליקאַנישער אַרמיי. עס זענען אויך געווען היגע אײַנוווינער – יידן, פֿראַנצויזן. אַלזשירער און מײַנע נאָענטע חבֿרים, באַפֿרײַטע, ווי איך, פֿון לאַגער. יאָ, עס זענען אויך געווען אונדזערע באַלעבאַטים, די ענגלענדער פֿון פֿאַרשיידענע ראַנגען אין די ים־כּוחות.

צווישן מײַנע חבֿרים מיטאַרבעטער בין איך געווען דער, וואָס האָט געקענט אַ ביסל ענגליש. די ענגלענדער האָבן עס זייער געשעצט, געקומען אָפֿט אַ שמועס טאָן מיט מיר.

איין מאָל אין אַ שמועס מיט מיר האָט אַן אָפֿיציר, כ׳האָב אים געקענט לויטן נאָמען וואָס ער האָט מיר געגעבן שריפֿטלעך – נאָעל לאָרד (זאָל זײַן אַזוי), אַ זאָג געטאָן:

– אייגנטלעך, וואָס טוסטו דאָ? דו ביסט דאָך ניט קיין קעלנער. כ׳האָב פֿאַר דיר אַן אַנדערע אַרבעט, אַ פֿאַסיקערע. וועסט אַרבעטן ווי אַ סעקרעטאַר אין דער אַדמיראַליטעט. צוויי מאָל האָט ער דאָס מיר ניט געדאַרפֿט זאָגן – אַוודאי בין איך מסכּים געווען.

כ׳בין אַריבער אַהין.

## נײַע אַרבעט – נײַע מענטשן

מײַן אַרבעט אין דער אַדמיראַליטעט האָט מיך ניט געשטעלט פֿאַר מי־יודע װעלכע אויפֿגאַבעס. כ׳האָב געדאַרפֿט פֿירן דעם חשבון פֿון דער אַרײַנגעקומענער אַמוניציע – פֿאַרצייכענען די צאָל סנאַריאַדן, זייער קאַליבער, די דערהאַלטענע קאַנאָנען־טיילן, די אַרויסגעגעבענע – װאָס װיפֿל באַקומען, װאָס װיפֿל אַרויסגעגעבן. חיות יעדעס פֿאָלק האָט זיך זײַן אופֿן פֿון שרײַבן געװיסע ציפֿערן, און די ענגלענדער אויך, האָב איך שנעל אָנגענומען זייער אופֿן פֿון שרײַבן אַן איינס (1) און אַ זיבן (7) אָן די פּאַסעקלעך אויבן צי אין מיטן, אָנגענומען עס פֿאַר אַ הייליקן געבאָט – פֿון דעם איז נאָך קיינער ניט געשטאָרבן! און כ׳האָב געפֿירט מײַן רעכענונג פּינקטלעך, צו דער בעסטער צופֿרידנקייט פֿון מײַן באָס און מײַן אייגענער מנוחה. מײַן באָס, אַן ענגלענדער, קאַפּיטאַן ענדריו אַלען, האָט פֿיזיש ניט פֿאַרנומען קיין גרויס אָרט אין זײַן שטול בײַם שרײַבטיש, אָבער ער איז געװען פֿול מיט רעספּעקט צו זײַן אויפֿגאַבע, צו זיך אַליין.

מיר האָט ער ניט געשטערט, ער האָט איין מאָל, צװיי מאָל אַ קוק געטאָן אויף מײַנע פֿאַרשריבענע בלעטלעך, געפּסקנט "אָל־רײַט". מער האָט ער ניט געדאַרפֿט, איך אויך ניט.

איך האָב זיך באַקענט מיט די פֿאַרשיידענע אַמוניציע־מאַגאַזינען אין די בערג אַרום אַלזשיר, געזען װי עס ליגן דאָרט רויִק סנאַריאַדן, װי זיי זעען אויס, װי זיי ליגן באַשיידן און שלאָפֿן רויִק אויף זייער געלעגער אין די בערג. כ׳האָב געלאָזט אין אַ זײַט מײַנע מחשבֿות װעגן דער שיינקייט פֿון

דער נאַטור, פֿאַרגעסן וועגן ראָמאַנטישע שפּאַצירן, אָפּגעלייגט אויף מײַנע הומאַניטאַרע באַטראַכטונגען און גוט אײַנגעקריצט אין מוח די ערנסטע פּראָזאַישע פֿונקציע, וואָס איז מיר אָנגעטרויט געוואָרן אויף מײַנע פֿולע אַחריות.

מיטן אַרויסגעבן די אַמוניציע האָב איך זיך ניט פֿאַרנומען, דערצו איז געווען אַ טעכניש־מיליטערישע גרופּע פֿון ענגלענדער אין פֿאַרשיידענעם עלטער, געשולטע אין זייער אַרבעט, ערנסטע ביז נאַר - וועגן שפּילן זיך איז דאָ קיין רייד ניט געווען. מיר האָט מען בלויז צוגעשטעלט די ציפֿערן, גוט קאָנטראָלירטע און אונטערגעשריבענע. איך האָב געפֿירט די רעכענונג.

איך בין צוריקגעפֿאָרן פֿון די סקלאַדן מיט דער חבֿרה פֿון דער טעכנישער אָפּטיילונג, צופֿרידענע פֿון זייער רוטין־קאָנטראָל. בײַ מיר, דעם נײַיקן אין די דאָזיקע זאַכן, איז דער מוח געוואָרן אויסגעפּילט מיט סנאַריאַדן. סנאַריאַדן קליינע, גרויסע, גרעסערע, מעכטיקע, גרויזאַמע מיט זייער לאָדונג. זיי זענען איצט געלעגן אויסגעלייגט גלײַך, שיין רויִק געשלאָפֿן ווי ווילע, גוטע קינדער. זאָלן זיי שלאָפֿן מיט זייער מערדערישן באַלאַסט - נאָר ניט לאַנג. עס איז מיר גוט געווען דורכצוגיין דורך זייערע רייען מיטן באַוווסטזײַן, אַז זיי אַלע זענען אין אונדזער רשות. כ'האָב זיי ניט געווונטשן קיין לאַנגן שלאָף...

אויפֿן וועג אַהיים האָבן פּילצאָליקע ווענט, בערג־טעראַסעס מיט גרויסע אותיות אין שוואַרץ געמאָנט:

**אונדזער ציל - נצחון!**

כ'בין געגאַנגען יעדן טאָג צו מײַן אַרבעט ווי אַ דיסציפּלינירטער באַאַמטער. אָנגעהויבן מײַן אַרבעט פּינקטלעך אַכט אַ זייגער, געהאַט אַ מיטאָג־איבעררײַס צווישן צוועלף און צוויי און ווידער צו דער אַרבעט ביז פֿינף אַ זייגער. אַרום איז אָנגעגאַנגען אַן אַכזריותדיקער קריג. כ'האָב מײַן קליינטשינקע ראָלע געפֿילט טיף אין דער נשמה. כ'האָב געאַרבעט פּינקטלעך און ערנסט ווי אַ גוטער דינער פֿון זײַן מאַיעסטעט. איך אַליין אין הסכם מיט מײַן אַרבעט, בין געווען ריין, שיין געקליידט אין אַ שיינעם קאָסטיום, מיט אַ קראַוואַט און אומבאַדינגט מיטן פּאָרטפֿעל אין האַנט.

געהאַט דאָרט די פֿראַנצייזישע טאָגצײַטונג, וועלכע כ׳פֿלעג קויפֿן אויפֿן וועג, אַ סענדוויטש און פערזענלעכע זאַכן ווי אַ פּילפּעדער, אַ נאָטיצביכל. דער סענדוויטש איז ניט געווען פֿון די גרויסע זאַכן – אַרום צען אַ זייגער פֿלעגט יעדן פֿרימאָרגן קומען דער שפּײַזוואָגן פֿון דער רעטונגס־אַרמי, וועלכער פֿלעגט פֿאַר די בריטישע באַאַמטע און טעכנישע כּוחות ברענגען גוטע זאַכן צום איבערבײַסן – געשמאַק געבעקס פֿאַר אַ סימבאָלישן פּרײַז. פֿאַרשטייט זיך, ווי אַ באַשטייטייל פֿון די בריטישע כּוחות, פֿלעגט מיר דער געהילף פֿון ביוראָ ברענגען דאָס געבעקס. כ׳פֿלעג עס עסן מיט טיי, וואָס ער פֿלעגט צוגרייטן. דאָס איז געווען אַן אַלטיטשקער שפּאַניער, וואָס איז געווען באַשעפֿטיקט בײַ די פֿאַרשיידענע אַרבעטן אין און אַרום ביוראָ. אַחוץ שפּאַניש האָט ער קיין שום שפּראַך ניט פֿאַרשטאַנען. ער איז געווען גליקלעך צו טאָן יעדער אַרבעט, וועלכע מען האָט אים נאָר אָנגעוויזן. פֿאַר אים בין איך געווען אַן ענגלענדער – אַ מיסטער. מײַנע ערשטע ווערטער צו אים אין שפּאַניש זענען אויף אים אַראָפּגעפֿאַלן ווי אַ פֿרישער זומער־רעגן, ער האָט גלײַך געעפֿנט מיר זײַן האַרץ. ווען עס איז נאָך צו אים דערגאַנגען, אַז איך בין אַ געוועזענער שפּאַניע־קעמפֿער האָט זײַן כּבֿוד און ליבע צו מיר ניט געוווּסט קיין גרענעץ. כ׳האָב אים געמוזט לערנען, אַז ווען ער ברענגט דעם פֿרישטיק זאָל ער צום ערשט דערלאַנגען מײַן שעף. דער קאַפּיטאַן אַלען האָט שטילערהייט אונטערגעלאַכט, ווען ער האָט באַמערקט ווי איך לערן מײַן שפּאַניער דעם ״סאַוואָאַר וויוורע״ – חכמת־חיים.

אין אונדזער ביוראָ זענען בלויז דער שעף און די טעכניקער געווען ענגלענדער, די איבעריקע פֿון פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן. די אַרבעט האָט געפֿאָדערט צוויי שפּראַכן – ענגליש און פֿראַנצייזיש, כאָטש אויך שפּאַניש און אַראַביש זענען צו ניץ געקומען בײַם רעדן מיט די אַרבעטער אַרום.

בײַם שעפֿס טיש – לינקס, אַ ביסל ווײַטער פֿון מיר, איז געזעסן מעסיע ווערזען, אַן עלטערער מאַן פֿון מאַלטע, שוין זינט לענגערע יאָרן אין אַלזשיר. ער האָט געקענט פֿראַנצייזיש, ענגליש, שפּאַניש, אויך גערעדט אַראַביש. וואָס פֿאַר אַ טייל פֿון דער אַרבעט ער האָט געמאַכט, ווייס איך ניט. ער איז געזעסן גענוג ווײַט פֿון מיר, ערנסט געאַרבעט איבער זײַנע

פּאַפּירן. מיט אַלענען, מײַן שעף, האָב איך אים ניט געזען אין קיין שום שמועס. צו מײַן אַרבעט האָט ער ניט געהאַט קיין שײַכות. ער האָט כּמעט מיט קיינעם ניט גערעדט, בלויז אַ גוט־מאָרגן, אַ וואָרט דאָ און דאָרט. האָט ער געוואָרפֿן אַ וואָרט, אַ באַמערקונג, איז עס געווען אינטעליגענט, קלוג, באַגלייט מיט אַ ממזריש ווערטל, אַ שמייכל. ער איז מיט קיינעם פֿון אונדז ניט געווען פֿאַרבונדן. ער האָט אונדז ניט געשטערט, מיר אים אויך ניט. ווען איך זאָג "מיר" דאַרף איך דערמאָנען נאָך איין פּערזאָן, וואָס האָט געאַרבעט מיט אונדז אין ביוראָ – באַבאָ (עליזאַבעט). באַבאָ איז געווען אַ פֿראַנצייזיש צוויי און צוואַנציק־יאָריק מיידל פֿון פּאַריז, וועלכע האָט געלעבט בײַ איר פֿאַמיליע אין על־ביאַר, איינער פֿון די רײַכע קוואַרטאַלן אין אַלזשיר. זי איז געקומען אַהער צוליב דער מלחמה. דאָס איז ניט געווען קיין זעלטענער פֿאַל. די משפּחה האָט ניט געוואָלט, אַז אַ יונג מיידל זאָל זיך דרייען איבער די גאַסן פֿון פּאַריז, וואָס איז פֿאַרפּלייצט מיט דער דײַטשישער אַרמיי. זי האָט זיך עס געקענט דערלויבן. אין אַלזשיר איז געווען אַ טייל פֿון דער פֿאַמיליע: אַ פֿעטער, איר פֿאָטערס ברודער – אַ באַזיצער פֿון הײַזער און ווילעס. מיט איין וואָרט, באַבאָ איז ניט געשיקט געוואָרן אויף אַ ליידיקן אָרט. די משפּחה האָט געהערט צום ליבעראַלן טייל פֿון דער פֿראַנצייזישער בורזשואַזיע – געווען נאַציאָנאַל און פּאַטריאָטיש – בײַ איר איז ניט געווען קיין איין מאַן אין מיליטער־עלטער, וועלכער זאָל ניט זײַן באַלוינט מיטן קריגס קרײַץ. צו אַזאַ משפּחה איז באַבאָ געקומען קיין אַלזשיר. ווי בײַ יעדער פֿראַנצויזין איז בײַ איר אין האַרצן טיף געזעסן דער האַס צום באָש, און יעדער טראָט פֿון די דײַטשן איבער די פּאַריזער גאַסן האָט אָפּגעהילכט אין איר מוח. זי האָט געהערט צו די פֿראַנצויזן, וואָס שווײַגן ניט. אפֿשר דערפֿאַר האָט די פֿאַמיליע זי גיך אַוועקגעשיקט פֿון פּאַריז. ניט איין מאָל האָט זיך פֿון איר האַרץ אַרויסגעריסן דער ווייטיק, וואָס זי איז ווײַט פֿון דער היים, פֿון פּאַריז, זי וואָלט געקענט העלפֿן, עפּעס טאָן. אָבער דאָס זענען געווען בלויז ווייטיקדיקע נאָגענישן. אַ פֿאַרלײַכטערונג איז געקומען ווען די אַלייִרטע, די אַמעריקאַנער און ענגלענדער, האָבן דעם 7טן נאָוועמבער 1942 געלאַנדט אין צפֿון־אַפֿריקע און פֿאַרנומען אַלזשיריע. באַבאָ האָט פֿרײַ אָפּגעאָטעמט. ווען זי איז נאָך

געוועז אַ קינד האָט זי געהאַט אַן ענגלישע גוווערנאַנטקע. זי איז געוואַקסן מיט צוויי שפּראַכן – פֿראַנצייזיש, איר מוטערשפּראַך, און ענגליש, ווי אַ גוט דערצויגענע טאָכטער פֿון אַ גוטער היים. באַהערשנדיק גוט די צוויי שפּראַכן איז זי מיט אָפֿענע אָרעמס אויפֿגענומען געוואָרן אין דער בריטישער אַדמיראַליטעט, וועלכע האָט געזוכט אַזעלכע כּוחות. זי איז צוגעטיילט געוואָרן צו אונדזער ביוראָ. באַבאָ האָט ניט געטאָן קיין קאָמפּליצירטע אַרבעט, זי האָט בלויז איבערגעשריבן אויף דער מאַשין וואָס אַלען, אונדזער שעף, און איך האָבן איר איבערגעגעבן. די אַרבעט האָט גוט געקלאַפּט, זי איז געווען וויכטיק, גוט איינגענעם.

מײַן לוין איז געווען אַ גוטער, אין איינקלאַנג מיט די נאָרמעס פֿון די פּראָפֿעסיאָנעלע פֿאַראיינען פֿאַר העכערע באַאַמטע אין פֿראַנקרײַך – אַ געהאַלט, וואָס האָט מיך דערמעגלעכט אַ שיין, גוט, קולטורעל לעבן, מיט געלט אויף טעאַטער, קאָנצערטן און אַנדערע קולטורעלע באַדערפֿענישן. מײַן נײַע וווינונג איז געווען צו דעם אַ גוטע דערגאַנצונג.

## טיפּער ווי עס דאַכט זיך...

אין דער גרויסער דירה פֿון טאַנט מאַרי האָט אין אַ זײַטיקן צימער פֿון סאַלאָן געוווינט אַ פּאָרפֿאָלק. ער – אַ סוחר, זי – אַ סעקרעטאַרין אין אַ מלוכה־אַמט. נאָך אַ גרעסער צײַט האָט זי גענומען צו מיר שמייכלען. ווען אַ שיין געבויטע פֿרוי שמייכלט, איז אײַנגענעם, אָבער דאָס האָט מיך אינטריגירט. וואָס עפּעס מיט אַ מאָל? גיי ווייס! אין קורצן האָט זיך די סיבה פֿון שמייכל אויפֿגעדעקט. ניין, טראַכט ניט באַלד וועגן דאָס און יענץ – גאָרניט פֿון די דאָזיקע זאַכן. לאָמיך דאָס גלײַך אויפֿקלערן.

מײַן לעבן אין דער נײַער וווינונג האָט זיך אײַנגעשטעלט. כ׳האָב אָנגעהויבן צו באַקומען בריוו, צײַטונגען, אַ סך צײַטונגען אין פֿאַרשיידענע שפּראַכן, אויך אין ייִדיש. וואָס איז דאָ צו רעדן, די בלוטיקע מלחמה איז געגאַנגען צו איר סוף, און ס׳האָט זיך געוואָלט האָבן נײַעס פֿון אומעטום, וועגן דער מלחמה, וועגן דער היים, וועגן דער משפּחה. די נײַעס זענען געווען זעלטענע און ביטערע, אָבער מען האָט אַלץ אויפֿגעכאַפּט, ווײַטער געזוכט, געזויגן. און וואָס טוט מען מיט די אויסגעלייענטע צײַטונגען? לאָמיר ניט פֿאַרגעסן, אַז עס איז נאָך אָנגעגאַנגען די מלחמה, מען האָט זיך גערעכנט מיט אַלץ – סתּם אַוועקוואַרפֿן פּאַפּיר? האָב איך די צײַטונגען צעשניטן, געמאַכט פֿון זיי אַשר־יצר־פּאַפּיר און אַוועקגעלייגט אין טואַלעט. מיט דער צײַט האָב איך באַמערקט, אַז איך זע גאָרניט פֿון די ייִדישע צײַטונגען. דווקא זיי פֿאַרשווינדן. ווו קומט אַהין מײַן אַשר־יצר־פּאַפּיר? דאָס רעטעניש איז מיר קלאָר געוואָרן. עס האָט זיך באַהאַלטן אונטערן שמייכל

פֿון דער פֿרוי פֿונעם סוחר, וואָס האָט געוווינט בײַ טאַנט מאַרי – זי איז געווען אַ ייִדישע! פֿון ייִדישקייט האָט זי אַוודאי קיין סך ניט געוווסט, אָבער לאָמיר עס צושרײַבן אויף דער קאָנטע פֿון אַלזשירער ייִדנטום, וועמעס שווערע, טרויעריקע געשיכטע מיר קענען שוין אַ ביסל. די צורה פֿון אַ ייִדישן אות האָט זי ווײַזט אויס יאָ געקענט און מיט אַ מאָל דערזען ייִדישע אותיות, הייליקע אותיות, און וואָס דערוואַרט זיי?! איז ווי לאָזט מען אַזעלכע ליגן אויף אַזאַ אָרט? האָט זי די ייִדישע קאָמוניסטישע צײַטונג געראַטעוועט פֿון דער גרויזאַמער פֿאַרשוועכונג. איך האָב, כּדי צו זײַן זיכער, געפֿרעגט וועגן דעם די דאָזיקע פֿרוי, און זי האָט זיך מיט אַ שמייכל מודה געווען, אַז זי האָט עס געטאָן די מיצווה. כ'האָב זיך צעשמייכלט. דאָס האָט מיר דערמאָנט וועגן יענער ייִדישער טאָכטער פֿון אַלזשיר, פֿון מײַן ערשטער וווינונג, וועלכע האָט געטראָגן אַ מעדאַליאָן פֿון יעזוס קריסטוס און אויפֿן זעלבן האַלדזשנירל אויך אַ מעדאַליאָן פֿון... משה רבנו מיט די צוויי לוחות. וואָס איז אַ ייִדישער אות, ווער איז משה מיט די צוויי לוחות, וועגן דעם ווייסט די ייִדישע אַלזשירער פֿרוי ניט קיין סך צו דערציילן, אָבער זי טראָגט זיי טיף אין האַרצן און אויפֿן האַרצן – אַזוי האָט מען זי געלערנט, אַזוי דאַרף זײַן. דאָס איז אַן אָנזאָג, וואָס גייט פֿון דור צו דור, ווערט פֿאַרהייליקט און אויסגעפֿירט. דאָס איז אַ גינסטיקער גרונט פֿאַר געפֿילן, וועלכע מען וויל ניט פֿאַרגעסן, מען לאָזט ניט פֿאַרגעסן, און אויפֿן גרונט פֿון די דאָזיקע געפֿילן אַנטשטייען שטרעבונגען פֿאַר אַ נאַציאָנאַלן, סאָציאַלן יושר, דאָס ברענגט די מענטשן אין די רייען פֿון פּאָליטישע פּאַרטייען.

כ'האָב זיי געזען אין דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי. דאָס איז געווען אַ פּאַרטיי, וואָס האָט געפֿירט איר אַרבעט אין קאָלאָניאַלע באַדינגונגען. זי איז געווען אַ לעגאַלע פּאַרטיי, אָבער ניט מיט קיין אָפֿענעם פּרצוף. די וואָס זענען געקומען פֿון אייראָפּע, פֿון רעלאַטיוו פֿרײַע לענדער, האָבן ניט שטענדיק פֿאַרשטאַנען איר מעכאַניזם. כ'האָב באַוווּנדערט חבֿרים אַלזשירער פּראָווינציזן, וועלכע האָבן אויסגעפֿירט פֿאַרשיידענע פּאַרטייִשע אַרבעטן, חבֿרים, וועלכע כ'האָב פֿריִער קיין מאָל ניט געזען, ניט געוווּסט פֿון וואַנען זיי האָבן זיך גענומען, ווער ס'האָט זיי באַשטימט. איך דערמאָן

זיך באַזונדערס וואַלן צו די שטאָטראַטן אָדער גאָר צו דער אַלגעמיינער נאַציאָנאַלער פֿאַרזאַמלונג (פּאַרלאַמענט) אין פֿראַנקרײַך. אין אַלזשיר איז עס געווען אַנדערש. פֿון די פּאַרטיי־לאָקאַלן זענען זיי געלאָפֿן מיט פֿרעמדע אידענטיטעט־קאַרטעס אין האַנט צו דעם אָדער יענעם וואַללאָקאַל כּדי צו שטימען. אָפּגעשטימט, זענען זיי צוריקגעקומען אין פּאַרטיי־לאָקאַל, ווו זיי האָבן באַקומען אַ צווייטע אידעניטיטעט־קאַרטע און ווידער געלאָפֿן שטימען. כ׳האָב מיטגעמאַכט וואַלן אין בעלגיע, פֿראַנקרײַך, אָבער אַזאַ אַרבעט מיט פֿרעמדע אידענטיטעט־קאַרטעס האָב איך נאָך ניט געזען.

אין קאָלאָניאַלע באַדינגונגען קומט אויס צו זען אומפֿאַרשטענדלעכע פֿאַקטן, אויף װעלכע מען דאַרף זיך ניט ווונדערן. אין איין שיינעם טאָג האָב איך געטראָפֿן אַ פֿרישן יונגן חבֿרה־מאַן, אַן אַלזשירער. ער איז פֿאַר מיר אויפֿגעשווומען, כ׳ווייס ניט פֿון וואַנען, ווי אַ דעוס־עקס־מאַכינאַ. ער האָט געהייסן אַכמעד, געווען אייראָפּעיִש געקליידט, זייער אַן אינטעליגענטער. מיט זײַן אינטעליגענץ האָט ער ווײַט אריבערגעשטיגן זײַנע אַלזשירער חבֿרים. כ׳האָב אים געקענט זייער אַ קורצע צײַט.

אין אַ געוויסן טאָג האָט מען מיך גערופֿן צו אַ לוויה אויפֿן מוסולמענישן בית־עולם. דאָס האָט מען געבראַכט צו קבֿרה אַכמעדן. וואָס איז געשען? ווו? ווער? ווי אַזוי? אַ שטילקייט האָט געהערשט אויפֿן בית־עולם. איז עס געווען אַ ״שטיקל אַרבעט״ פֿון פֿראַנצייזישן געהיימדינסט? איז אַכמעד געקומען אַ געשולטער פֿון מאָסקווע? כ׳האָב ניט געהערט קיין פֿראַגעס און אַוודאי ניט קיין ענטפֿערס.

בראָש פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין אַלזשיר איז דעמאָלט געשטאַנען אַנדרע מאַרטי, דער אַלמעכטיקער מאַרטי, דער העלד פֿון דער פּאַרטיי, אָנטיילנעמער אין אויפֿשטאַנד פֿון פֿראַנצייזישן פֿלאָט אויפֿן שוואַרצן ים אין די יאָרן פֿון בירגערקריג אין רוסלאַנד. אין פֿראַנקרײַך האָבן, וואָס אַן אמת, דעמאָלט צירקולירט פֿאַקסימיליעס פֿון מאַרטיס אַנגאַזשירן זיך אין פֿראַנצייזישן געהיימדינסט. אָבער דאָס איז באַטראַכט געוואָרן ווי אַ בילבול פֿון פֿראַנצייזישן אימפּעריאַליזם. דאָס האָט ער אין אַלזשיר, ווו ער איז געשיקט געוואָרן פֿון מאָסקווע, מיט איין מאָך מיט דער האַנט אַראָפּגעזעצט דעם דעפּוטאַט קאָסט, וואָס איז צוזאַמען מיט אַנדערע

קאָמוניסטישע דעפּוטאַטן געווען פֿאַרשיקט קיין אַלזשיריע. וואָס האָט ער אָפּגעטאָן, קאָסט? אַ פֿאַרשיקטער, ווײַט פֿון זײַן פּאַרטיי־ראַיאָן, וואָס האָט ער געקענט אָפּטאָן? ס'איז געווען דער 6טער יוני 1944. די אַליִיִרטע האָבן געלאַנדט אין נאָרמאַנדיע, דאָס ערשטע שטיקל לאַנד פֿון אָקופּירטן פֿראַנקרײַך איז באַפֿרײַט געוואָרן. די פֿראַנצויזן אין אַלזשיר האָבן זיך געפֿרייט, געיובֿלט. אויף די טרעפּ פֿון דער צענטראַלער פּאָסט, אין צענטער פֿון אַלזשיר, זענען אַרויסגעטראָטן רעדנער, באַגריסט, אויסגעדריקט זייער פֿרייד, וויוואַטירט. ס'איז דאָרט אויך געווען קאָסט, איז ער אויך אַרויף אויף דער טריבונע און געזאָגט אַ פּאָר ווערטער. היתּכן, האָט זיכער געטראַכט קאָסט, אַלע רעדן, זאָל מען ניט הערן דאָס וואָרט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי? האָט ער אויך געזאָגט אַ פּאָר ווערטער, אָבער, שומר־שמיים, ער האָט גערעדט לויט זײַן אייגענער איניציאַטיוו, אָן דער דערלויבעניש פֿון מאַרטי, פֿון דער פּאַרטיי! וואָלט עס געווען אין מאָסקווע, וואָלט קאָסט שוין פֿון גולאַג ניט אַרויס. ס'איז אָבער געווען אין אַלזשיר! וואָס אַנדרע מאַרטי האָט מיט אים געטאָן ווייס איך ניט. אָבער קאָסט איז אַרומגעגאַנגען פֿאַרייִאושט און פֿאַרצאָרנט. מער פֿון אים האָב איך ניט געהערט.

לאָמיך דערמאָנען נאָך אַ קרבן פֿון דער דאָזיקער פּאַרטיי אין אַלזשיריע – טאַקע דעם סאַמעראָדנעם סעקרעטאַר אַמאַר אוזגאַן. עס איז געווען אַ גליקלעכער טרעף פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי אין פֿראַנקרײַך צו האָבן דעם ריכטיקן מאַן אויפֿן ריכטיקן אָרט. אַמאַר אוזגאַן איז געווען אַן אַראַבער, אַן אַלזשירער, גערעדט אַראַביש, געטראָגן אַ רויטע פּעסקע – אַן אַראַבער מיט אַלע פּיטשעווקעס. געקליידט איז ער געווען אויפֿן אייראָפּעיִשן שטייגער – אַזוי האָט אַוודאי געפֿאָדערט זײַן פֿאַך, אַ מלוכה־אָנגעשטעלטער. דאָס האָט קיינעם ניט געשטערט. ער איז געווען באַקאַנט און אָנגענומען בײַ די אַראַבער. ער איז געווײלט געוואָרן ווי אַ דעפּוטאַט פֿון אַלזשיר אין פֿראַנצייזישן פּאַרלאַמענט. די קאָמוניסטישע פּאַרטיי פֿון פֿראַנקרײַך האָט געהאַט מזל צו געפֿינען אַן אָרטיקן מענטש, וואָס איז געשיקט געוואָרן דורך דער קאָלאָניע קיין פּאַריז. די אַראַבער זענען געווען שטאָלץ צו האָבן זייער אייגענעם פֿאָרשטייער – ער איז אַרומגעגאַנגען זיכער און פֿרײַ צווישן זיי.

אַ מאָל האָט ער אונדז, אַ גרופּע פֿון יוגנטקלוב, באַגעגנט שפּאַצירנדיק איבער דער אַלזשירער קאַסבאַ, ווו אַן אייראָפּעער האָט קיין פֿוס ניט אַרײַנגעשטעלט.

– חבֿרה, וואָס טוט זיך מיט אײַך, – האָט אונדז אוזגאַן דערלאַנגט איבערן קאָפּ, – ווו קריכט איר? איר ווייסט ניט, אַז דאָ איז ניט דאָס זיכערסטע אָרט פֿאַר אײַך? – און ער האָט אונדז שטיל געעצהט וואָס שנעלער זיך אָפּטראָגן פֿון דאָרט.

ער אַליין האָט דאָ, ווײַזט אויס, געהאַט אַ ספּעציעלן סטאַטוס, אָבער אין דער פּאַרטיי האָט מען געהאַט אַ באַזונדערן חשבון... אין איין שייגעם טאָג איז לויט אַ באַפֿעל פֿון אַ האָקוס־פּאָקוס־שטעקעלע אַמאַר אוזגאַן פֿאַרשוווּנדן. ניט געוואָרן. פֿאַר וואָס? פֿאַר ווען? קיינער האָט ניט געפֿרעגט.

אויך פֿון אָראַן (אַלזשיריע) האָט די קאָמוניסטישע פּאַרטיי געשיקט אין פּאַרלאַמענט אַ דעפּוטאַט, אַ ייִדישע פֿרוי אַליס ספּאָרטיס. זי איז אויך אין אַ שיינעם טאָג פֿאַרשוווּנדן, ווי זי וואָלט קיין מאָל ניט געווען.

ס'איז געווען אַ קליינע קאָמוניסטישע פּאַרטיי, אָבער די ווונדערס, וועלכע זענען דאָרט געשען, זענען געווען גרויסע.

לאָמיך בײַ דער געלעגנהייט דערמאָנען נאָך איינעם.

איך דערמאָן זיך וועגן דער שטאָט בלידאָ, אַ גרעסערע ראַיאָנשטאָט ניט ווײַט פֿון אַלזשיר. די פּאַרטיי־אָרגאַניזאַציע אין דער דאָזיקער שטאָט האָט געהאַט אַ זייער טיכטיקן סעקרעטאַר. אין זכּרון איז מיר געבליבן בלויז זײַן נאָמען: דידיע. ער האָט זיך אין זײַן שטאָט געפֿילט פֿעסט און זיכער. אין אַ געוויסן טאָג זענען אין בלידאָ פֿאָרגעקומען אומרוען. אומרוען זענען אין אַלזשיריע פֿאָרגעקומען גאַנץ אָפֿט "שטיל און רויִק"... צום בײַשפּיל, סעטיף האָט דער פֿראַנצייזישער ים־פֿלאָט באָמבאַרדירט פֿון אַ דיסטאַנץ פֿון 40 קילאָמעטערס.

שיסן מיט קאָנען פֿון אַ שיף, אַ באַוועגלעכן פּונקט, אויף אַ דיסטנאַץ פֿון 40 קילאָמעטערס איז ניט קיין פּשוטע זאַך, אָבער פֿאַר די אייניקלעך פֿון קאַרנאָ איז קיין טריגאָנאָמעטרישער פּראָבלעם ניט געווען. די תּורה פֿון סינוס־קאָסינוס, טאַנגענס־קאָטאַנגענס האָבן זיי געקענט אויף אויסנווייניק.

וויפֿל זענען געווען קרבנות, האָט מען ניט געוווּסט. דאָס געהער האָט אין אַזעלכע פֿאַלן אַ סעלעקטיווע באַשטימונג: שאַ־שטיל!

וועגן די אומרוען אין בלידאַ האָב איך יאָ געהערט, אָבער ניט קלאָר – ניט וויפֿל עס זענען געווען קרבנות. איינער פֿון זיי איז געווען... דידיע. דער אויפֿגעבראַוזטער המון האָט אים געכאַפּט און אָפּגעהאַקט ביידע דלאָניעס מיט די צען פֿינגער. אָרעמער דידיע, ער האָט אַוודאי געגלייבט אין די הילכיקע פֿאַנפֿאַרן פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע האָבן געשאַלט וועגן וווקס פֿון איר אײַנפֿלוס צווישן די אַראַבישע אונטערדריקטע מאַסן.

די "אַרבעט" מיט די פֿרעמדע אידענטיטעט־קאַרט עס האָט געגעבן אַ גוטן רעזולטאַט. מיט זייער הילף איז געווײַלט געוואָרן אַמאַר אוזגאַן. ווי מיר ווייסן, האָט עס דעם אַלזשיריער פֿאָלק קיין סך ניט געהאָלפֿן – אַמאַר אוזגאַנען אויך ניט. באַצאָלט האָבן פֿאַר די מיראַזש־נצחונות די דידיעס, די, וועלכע ווייסן ניט דעם אונטערשייד צווישן דער אָפֿיציעלער און רעאַלער לאַגע. ווער האָט עס איבערגעגעבן דידיען און זײַן גלײַבן אין די הענט פֿון המון? פֿראַנצייזישע אַגענטן, וועלכע זענען געווען פֿאַרשטעקט אין די רייען פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי? פֿאַראַן לענדער וווּ די רעליגיע איז אָפּגעטיילט פֿון דער מדינה; פֿאַראַן לענדער וווּ די מדינה איז ניט אָפּגעטיילט פֿון דער פּאַרטיי...

אין קאָלאָניאַלן פּלאָנטער איז שווער צו דערגיין אַ טאָלק...

איך האָב געגלייבט אין מײַן פּאַרטיי ווי אין אַ הייליקער זאַך פֿאַרן מאָרגן, אָבער מײַן אַרבעט אין דער אַדמיראַליטעט איז געווען מײַן הייליקע אויפֿגאַבע הײַנט, מײַן קאָנקרעטער אָנטייל אינעם קאַמף קעגן היטלעריזם. דאָס איז אויך געווען דער קאַמף פֿאַר מײַן טעגלעך ברויט – קיין בעסערן זיווג האָב איך זיך ניט געוווּנטשן. דאָס לעבן האָט געהאַט אַ זין און די באַדינגונגען זענען געווען זייער גינסטיקע. כ׳בין אַ הײַטערער געגאַנגען צו דער אַרבעט, כ׳בין אַ צופֿרידענער געגאַנגען אַהיים, אין דער גוטער היים פֿון טאַנט מאַרי.

אַ געוויסן טאָג זענען מײַנע באַדינגונגען ווידער פֿאַרבעסערט געוואָרן. אַן אָפֿיציר פֿון דער אַדמיראַליטעט איז צו מיר געקומען מיט אַ שמייכל: דו

אַרבעטסט? ווי מיר אַלע אין דער אַדמיראַליטעט, פֿאַר וואָס זאָלסטו ניט האָבן ווי מיר אַלע דאָס רעכט צו מאַכן דײַן חודשדיקן אײַנקויף אינעם אַדמיראַליטעט־מאַגאַזין?

אַוודאי האָב איך די זאַך ניט קוועסטיאָנירט, כ'האָב זי מיט דאַנק אָנגענומען. דאָס האָט מיר געגעבן אַ גוטע געזעלשאַפֿטלעכע מעגלעכקייט. כ'האָב געקענט קויפֿן אויף ניט קריגספּרײַזן צוקער, מעל, פּוטער, פֿלייש, געבעקס און אַנדערע פּראָדוקטן, וועלכע זענען געווען אַ זעלטנהייט אויפֿן מאַרק.

היות אַליין האָב איך געגעסן אין רעסטאָראַן און זיך אין די אַרטיקלען ניט גענויטיקט, האָב איך זיי איבערגעגעבן מײַנע פֿרײַנד. זיי האָבן זיך געוואָרט –כ'האָב געמוזט נעמען פֿון זיי לכל־הפּחות דעם נישטיקן פּרײַז, וואָס כ'האָב באַצאָלט, אַן "אויסטויש", וואָס מיר האָבן געמאַכט מיט אַ שמייכל און מיט פֿרייד. וואָס פֿאַר אַ ליבע געסט זענען געווען אין די היימען ווײַס ברויט, פּוטער, פֿליישן מכּל־המינים, מאַרמעלאַד, שאָקאָלאַד...

כ'וועל ניט פֿאַרגעסן ווי טאַנט מאַרי האָט צעשניטן דאָס ווײַסינקע ברויט און דער קליינער זשאַן פּאָל איז געשטאַנען און געקוקט ווי זי שמירט זיי מיט פּוטער. ווען זי האָט אָנגעהויבן צו שמירן דערויף מאַרמעלאַד, האָט דער קליינער מיט טרערן אין די אויגן געבעטן:

– טאַנט מאַרי, פֿאַרשמוציק מיר ניט דאָס ברויט...

ניט איין מאָל האָב איך באַמערקט ווי גוטע באַלעבאָסטעס האָבן פֿאַרגעסן ווי מען דאַרף צוגרייטן אַ גוט שטיקל פֿלייש און אַפֿילו פֿאַרדאָרבן בײַ די היימישע דעם מאָגן... מענטשן זענען געווען אויסגעהונגערט נאָך אַ גוט עסן, און ווען כ'האָב נאָר געקענט, האָב איך זיך באַמיט עס זיי צו ברענגען.

אָבער ניט מיט ברויט אַליין לעבט אַ מענטש, אַפֿילו ניט מיט ברויט און פּוטער. כ'האָב זיך מיט דער צײַט אײַנגעשאַפֿט פֿרײַנד, זיך געטראָפֿן, געמאַכט שפּאַצירן, זיך באַקענט מיט מענטשן, דערקענט דאָס לאַנד. דאָס איז אַלץ ניט שלעכט.

זשאַנאָ פֿון יוגנטקלוב האָט געהאַט אַ ליב מיידל, כ'האָב זיך גערן מיט זיי געטראָפֿן, אָנגעשלאָסן אויף זייער אײַנלאַדונג און פֿאַרשיידענע

שפּאַצירן. איך דערמאָן זיך איינעם אַזאַ שפּאַציר, ערגעץ איבער די הויכן פֿון אַלזשיר, ווו עס שטייט דער קאַטעדראַל, ווײַט פֿון שטאָט. פֿון דאָרט האָט זיך בולט געזען דער גרינער טאָל, וואָס האָט זיך געקײַקלט אַראָפּ צום ים. ס'איז געווען בלאָ, מילד, שיין, אָבער פֿאַר מיר איז דאָס בילד ניט געווען פֿאַרענדיקט. זשאַנאָ מיט זײַן חבֿרטע, האַנט אין האַנט, קוקן פֿאַרליבטע אויפֿן אַרום – אַ וועלט פֿאַר זיך, און איך שטיי אַליין ווי אַ ניט פֿאַרענדיקטער טייל פֿון בילד.

דאָס איז ניט געווען אויף לאַנג.

## ...און זי איז געקומען

אין אַ פּאָר וואָכן אַרום, כ׳ווייס ניט צי עס זענען געווען אַוועק צוויי צי דריַי וואָכן, בין איך געשטאַנען אויפֿן זעלביקן אָרט ווו כ׳בין געשטאַנען דעמאָלט מיט מײַן חבֿר זשאַנאָ און זײַן חבֿרטע. דאָס מאָל איז זשאַנאָ און זײַן חבֿרטע ניט געווען, דאָס מאָל בין איך געווען אַליין... מיט מײַן חבֿרטע. יאָ, זי איז געקומען, געשטאַנען בײַ מײַן זײַט, כ׳האָב געהאַלטן איר האַנט אין מײַנער. איך געדענק ניט ווען, ווי אַזוי מיר האָבן זיך דערנענטערט. כ׳ווייס אַפֿילו ניט ווי אַזוי איך בין געקומען אויף דעם אָרט, אויף וועלכן מיר זענען געשטאַנען דאָס האָט זי מיך אַהער געבראַכט איך האָב דעם דאָזיקן שפּאַציר ניט פּלאַנירט פּונקט אַזוי ווי אונדזער דערנענטערונג, ניט געחלומט וועגן דעם. און אין איין מאָמענט האָב איך דערפֿילט, אָפּגעשאַצט די ענדערונג אין דער קלאָרער ווירקלעכקייט. כ׳האָב שטאַרקער געדריקט איר האַנט אין מײַנער – אַלץ איז געווען גרין, בלאָ, נאָענט, וואַרעם, אַלץ.

מיט אַ מאָל? זיכער ניט. מיט אַ מאָל געשעען זאַכן אין די מעשׂהלעך. אין לעבן ווערן די זאַכן רײַף. מיט אונדזער הילף און בײַ אונדז ניט פֿרעגנדיק שטעלן זיי זיך צוזאַמען און מיר שטייען פֿאַר אַ דערשײַנונג, וועלכע איז גאָרניט אַזוי נײַ. זי האָט זיך לאַנג פֿאָרמירט, ביז זי האָט זיך דורכגעבראָכן און דערשינען פֿאַר אונדז אין דער פֿולער, נײַער, אויסגעבענקטער פֿאָרם.

וועל איך צעגלידערן די פֿאַקטן, וועט זיך באַקומען, אַז איך שטיי אין מײַן 32סטן יאָר, ניט ווייניק יאָרן פֿאַרפּטרט אין עמיגראַציע, קריג, לאַגערן,

פֿאַרשיקונג. איצט בין איך אַרויס דערפֿון, אַרויס פֿון דעם מיט זיך אַליין. כ׳בין פֿרײַ, צווישן פֿרײַע מענטשן, כ׳טרעף זיך מיט זיי אָבער ניט שטענדיק, זיי האָבן אַ הויז, אַ חבֿרטע, אַ פֿרוי, אַ קינד, אַ גאָרטן - זיי האָבן זייער וועלט. גייסט צו זיי? ניט שטענדיק קען מען גיין אַפֿילו צו אַ נאָענטן פֿרײַנד. אָדער, אָט ביסטו בײַ פֿרײַנד, פֿאַרברענגסט אַן אָוונט, אַ נאָכמיטאָג און גייסט אַוועק אַליין, מיט זיך אַליין, צו זיך אַליין.

קומסט אַהיים, לייענסט אַ צײַטונג, אַ בוך, שרײַבסט אַ בריוו, הערסט ראַדיאָ - יאָ, ביסט אַ פֿרײַער מענטש: ס׳איז דאָ אַ פּאַרק, אַ גאָרטן, אַ טעאַטער, קינאָ, אָבער וואָס פֿאַר אַ טעם האָט עס? גייסט, זיצסט, קוקסט אָבער ביסט אַליין. זעסט, באַטראַכטסט, הערסט, עס זאָגט דיר עפּעס, און דו האָסט אויך וואָס צו זאָגן - וועמען? האָסט ניט קיין אָפּנעמער. שטייסט פֿאַר אַ פּולער, פֿאַרשיידנאַרטיקער, רײַכער וועלט פֿון קלאַנגען, פֿאַרבן, ריחות, שטייסט אַליין און זוכסט אַ מענטש, אַ נאָענטע נשמה אַ שמועס צו טאָן, טיילן זיך מיט פֿרייד, צווייפֿל, אָנערקענונג און נאָך און נאָך...

זי איז געקומען. אָ, ווי גוט!

אַ ברידערלעכע נשמה? פֿון אַן אייגענער סבֿיבֿה, פֿאַרגאַנגענהייט? גאָרניט פֿון די אַלע זאַכן. ווײַזט אויס, אַז זיי זענען ניט אַזוי נייטיק. גראָד דאָס פֿעלנדיקע אין די צדדים איז דער בעסטער קלעפּשטאָף צו אייניקן צוויי פֿרעמדע נשמות. אָבער היות עס האַנדלט זיך ניט אין עטער נאָר אין צוויי מענטשלעכע געשטאַלטן, מוז זײַן אַ גרונט, אויף וועלכן די דאָזיקע צוויי טרעפֿן זיך. אַוודאי, אויסזען און אינטערעס דערלײַכטערן די דערנענטערונג.

זי האָט געהייסן נינעט.

זי איז געווען מיט צען יאָר ייִנגער פֿון מיר. פֿרעגט מיך ניט צי זי איז געווען שיין. מאַרלען מאָנראָ מיט איר פּרעכטיק פּנים, מיט איר פּרעכטיק געשטאַלט? חס וחלילה, כ׳האָב ניט דעם מינדסטן געדאַנק צו פֿאַרשווערן איר שיינקייט! זאָל זי רויִק שלאָפֿן איר אייביקן שלאָף, זי וואָלט געקענט שטיין בײַ דער זײַט פֿון נינעט, זי וואָלט אויף מיר קיין באַזונדערן אײַנדרוק ניט געמאַכט. נינעט האָט אויסגעפֿילט אַלע קעמערלעך פֿון מײַן קערפּער, פֿון מײַן נשמה.

נינעט איז געווען פֿון מיטעלן וווקס, דער קערפּער שיין אַנטוויקלט, געהאַט שיינע בלאָע אויגן, אַ שיין מויל און אַ קאָפּ מיט לעבעדיקע בלאָנדע האָר, וועלכע זי האָט אַרומגענומען מיט אַ ברייטן גרינעם באַנד פֿון אונטערשטן טייל קאָפּ און פֿאַרבונדן מיט אַ קליינעם שלייף צום שטערן צו. איר נאָז איז געווען אַ ביסל פֿאַרריסן אַרויף, וואָס האָט איר צוגעגעבן חן. אויב ווער האָט געהאַט טענות צו דער נאָז, האָב איך עס גלײַך אויפֿגעקלערט, ווי כ׳וואָלט דערבײַ געווען: גאָט איז געווען אַזוי פֿאַרנומען מיט טאָקן איר יעדער אבֿר, אַז ווען ער איז געקומען צו דער נאָז האָט ער שוין קיין צײַט ניט געהאַט און זי אַוועקגעשטעלט אַזוי ווי ער האָט זי געהאַט אין האַנט, אָן שום פּאָפּראַווקע. און, גלייבט מיר, די נאָז איז געווען זייער גוט און אויף איר אָרט!

אָבער ווער איז זי געווען, ווי אַזוי זענען מיר צוזאַמענגעקומען? וועל איך פּרוּוון אויפֿוויקלען די פֿעדעם, קלאָר מאַכן דאָס אַלגעמיינע בילד. כ׳האָב שוין דערמאָנט איזאַבעל – באַבאָ, דאָס מיידל פֿון פּאַריז, וואָס האָט געאַרבעט אין דער אַדמיראַליטעט ווי אַ סעקרעטאַרין. נינעט איז געווען איר קוזינע. זי פֿלעגט פֿון צײַט צו צײַט קומען באַזוכן באַבאָ בײַ דער אַרבעט, גיין מיט איר עסן מיטאָג, אָדער אין אָוונט נעמען זי אַהיים – באַבאָ האָט געוווינט בײַ נינעט אין שטוב.

עסן מיטאָג פֿלעגט זי גיין צוזאַמען מיט באַבאָ. דאַן זענען ניט געווען קיין רעסטאָראַנען סתּם. אויף דער איסלי־גאַס איז געווען אַ רעסטאָראַן פֿאַר פּליטים פֿון פֿראַנקרײַך אָדער פֿאַר געוועזענע פּאָליטישע דעפּאָר טירטע, איצט באַאַפּרײַטע אין אַלזשיר נאָכן לאַנדן פֿון די אַליִירטע כּוחות אין צפֿון־אַפֿריקע. ווי אַ באַאַפֿרײַטער פֿון לאַגער אין אַפֿריקע האָב איך אויך געהאַט דאָס רעכט צו עסן אין דעם דאָזיקן רעסטאָראַן. כ׳האָב אויך געהאַט דאָס רעכט אַרײַנצופֿירן מיט זיך אַ חבֿרטע, צוויי. אַ מאָל פֿלעג איך גיין אַליין, אַ מאָל מיט באַבאָ און נינעט און אַ מאָל מיט נינעט אַליין. דערנאָך זענען עס געוואָרן טרעפֿונגען בלויז מיט נינעט. דער מיטאָג־איבעררײַס איז געווען פֿון צוועלף ביז צוויי אַ זייגער, פֿלעגן מיר נאָך מיטאָג אַרײַנגיין אין קינאָ צו זען די אַקטואַליטעטן אָדער גיין אין פּאַרק אָדער צו מיר אַהיים – אין אַ באַלעבאַטישער געגנט, אין אַ באַלעבאַטיש הויז, אין אַ

באַלעבאַטישער דירה איז עס געווען אַ נאָרמאַלע זאַך, און טאַנט מאַרי האָט אונדז גערן געזען צוזאַמען.

נינעט איז בײַ איר מוטער געווען די ייִנגסטע, טײַערע טאָכטער, איינע פֿון אירע פֿיר טעכטער און דרײַ זין. זיי האָבן אַלע אַרומגערינגלט די מוטער מיט רעספּעקט און ליבע. אַוודאי האָט איר נינעט אַלץ דערציילט וועגן איר באַקאַנטשאַפֿט מיט מיר. אונדזערע באַגעגענישן. דער מוטערס רעאַקציע איז געווען אַ ליבעראַלע, אַ קולטורעלע, אַ האַרציקע. אין איין שיינעם טאָג האָט נינעט געמאַכט די רעכענונג פֿון די מיטאָגן, וועלכע זי האָט געגעסן מיט מיר, און געבעטן איך זאָל צוריקנעמען דאָס געלט פֿאַר איר טייל – אַזוי האָט זיך די מוטער געוווּנטשן. און נאָך אַ וווּנטש האָט די מוטער געהאַט:

– גיי ניט צו בען אַהיים, ס'איז ניט שיין. ער קען קומען צו דיר, צו אונדז אַהיים, כ'האָב עס אים ניט פֿאַרבאָטן.

די דאָזיקע האַרציקע ווערטער פֿון דער מוטער האָבן געעפֿנט פֿאַר מיר אַ פֿראַנצייזיש הויז. וועלן מיר עפֿענען די טיר און אַהין אַרײַנגיין.

איך האָב געוווינט אין צענטער, אין לאַפֿעריער־סקווער, דער שענסטער טייל פֿון אַלזשיר, אָבער נינעט האָט געוווינט אַ שטיק ווײַטער פֿון מיר, אין דער בכּבֿודיקער פֿאָרשטאָט פֿון אַלזשיר – אין על־ביאַר, אַ געגנט פֿון ווילעס, ווו ס'האָט געוווינט דער העכערער שיכט פֿון דער פֿראַנצייזישער באַפֿעלקערונג. איצט זענען ניט ווייניק ווילעס געווען באַוווינט פֿון די אַמעריקאַנער, ענגלישע שטאַב־כּוחות. די ווילעס האָבן די אײַנוווינער צײַטווײַליק געמוזט פֿאַרלאָזן. אויך נינעטס משפּחה האָט געמוזט איבערגעבן דרײַ פֿון איר ניט באַוווינטע ווילעס. געבליבן איז בלויז איינע, אומבאַדינגט פֿאַרן אייגענעם געברויך... גייען מיר טאַקע אַרײַן אין דער דאָזיקער ווילע. זי איז געבויט פֿאַר אַ פֿילצאָליקער משפּחה, עס האָבן דאָרט אויך געוווינט דעם פֿאָטערס צוויי עלטערע שוועסטער. די ווילע איז געווען אַ גאַנץ גרויסע. ספּעציעל איצט, ווען אַלע קינדער אויסער נינעט, האָבן חתונה געהאַט און פֿאַרלאָזט דאָס הויז. ווען דער פֿאָטער איז געשטאָרבן איז די ווילע געבליבן כּמעט ליידיק, באַבאָ האָט דאָרט געקענט רויִק וווינען. נינעט האָט מיך אַרײַנגעפֿירט אין זייער אַ גרויסן סאַלאָן – דאָרט האָבן מיר אָפֿט פֿאַרבראַכט. אין אַ זײַטיק ווינקל איז געשטאַנען אַ טיש. האָט זיך

פֿאַרצויגן מײַן וויזיט – בין איך שוין פֿאַרבליבן אויף אָוונטברויט. די מוטער איז אָפֿט געלעגן אויף אַ סאָפֿע, ווײַטער, בײַ דער וואַנט, געלייענט אַ צײַטונג אָדער אַ בוך. נינעט האָט ליב געהאַט צו זיצן אויף אַ קישעלע אויפֿן דיל, בײַ מײַנע פֿיס. מיר האָבן געשמועסט אָדער איך האָב עפּעס פֿאָרגעלייענט. נינעט האָט ליב געהאַט צו הערן ווי איך לייען.

דאָס אָוונט־עסן איז פֿאָרגעקומען אָן צערעמאָניעס, אָבער קאָרעקט, מיט אַן אָרדענונג, מיט מעסערס, גאָפּלען, לעפֿל אויף זייער אָרט – צו יעדער שפּײַז. נאָכן עסן האָט נינעט צונויפֿגענומען דאָס געפֿעס, די זאַכן פֿון טיש און אַרײַנגעטראָגן אין קיך. ווען מיר זענען דערנאָך אַרײַנגעגאַנגען אין אַן אַנדער חדר האָט מיך נינעט אויפֿן אויער געפֿרעגט:

– זאָל איך דיר ברענגען נאָך וואָס צו עסן? – נינעט האָט פֿאַרשטאַנען, אַז אַ געוויינלעך עסן בײַ אַ בירגערלעכן טיש קען פֿאַר מײַן מאָגן, אַן אויסגעהונגערטער אין משך פֿון יאָרן אין די לאַגערן, זײַן ווײַט פֿון דער נאָרמע... כ׳האָב זי דיסקרעט באַרויִקט, זי איז געווען האַרציק ליב.

צו ביסלעך האָב איך זיך באַקענט מיט אַנדערע מיטגלידער פֿון דער פֿאַמיליע. צום ערשט איז געווען דער ווײַבערשער טייל. צו זיי זענען דערגאַנגען קלאַנגען וועגן מיר – מען האָט זיך מיט מיר פֿאַראינ־טערעסירט.

– זשאַקלין, (אַנדרעס פֿרוי), – האָט מיר נינעט אַ זאָג געטאָן, – לאַדט דיך אײַן צו זיצן מיט אונדז אין רעסטאָראַן בײַם מיטאָגעסן. זי וויל ניט עסן, זי וויל בלויז קוקן אויף אונדז ביידן, נעם אָן איר אײַנלאַדונג.

– וואָס איז דאָס? – האָב איך אַ פֿרעג געטאָן.

– ווען מען קוקט אַזוי אויף אַ פּאָרל, – האָט מיר נינעט איבערגעגעבן זשאַקלינס געדאַנק, – זעט מען צי דאָס פּאָרל האָט זיך ליב...

זשאַקלין איז געווען זייער אַ סימפּאַטישע פֿרוי – אַ מוטער פֿון 7 קינדערלעך. זי האָט זיך זייער מיט אונדז אינטערעסירט. כ׳האָב געשמייכלט פֿון איר אײַנפֿאַל און מיט פֿאַרגעניגן געגעבן מײַן הסכּמה.

זי איז געקומען, שמייכלענדיק זיך באַגריסט מיט מיר. איך בין געזעסן בײַם טיש ווי תּמיד, אַנטקעגן נינעט. נינעט האָט ניט אָפּגעלאָזט מײַן האַנט. אויך בײַם עסן האָבן מיר זיך ניט אָפּגעריסן איינער פֿון צווייטן. זשאַקלין

האָט וואַרעם געשמועסט, געלאַכט. לסוף האָט זי זיך צוזאַמען מיט אונדז אויפֿגעהויבן פֿון טיש, זיך צוקושט, געזעגנט. דאָס איז אַלץ וואָס איז געווען נייטיק צו באַרויִקן איר געמיט.

– נו, – האָב איך דערנאָך מיט אַ שמייכל געפֿרעגט נינעט, – ביסט צופֿרידן מיט דעם ווי די זאַך איז פֿאַרבײַ?

נינעט האָט מיך וואַרעם אַרומגענומען און אַזוי מיך צוגעפֿירט צו מײַן אַרבעטסאָרט. ווי ליב עס האָבן געקוקט אירע גרויסע, בלאָע אויגן!

איך האָב זיך אַ ביסל דערנענטערט צו דער משפּחה. לאָמיר איצט אויסברייטערן דאָס בילד. זשאַקלין איז געווען די פֿרוי פֿון נינעטס ברודער אַנדרע אים האָב איך געזען נאָר אויף אַ בילד. ער האָט מיר אויסגעזען אַ געזונטער, דיקער, הויכער, אין אַ מיליטערישן מונדיר, מיט אַ קריגסקרייץ, וואָס האָט זיך בולט אָנגעזען אויף דער פֿאָטאָגראַפֿיע. ער האָט אַוודאי באַקומען אַ פֿולן באַריכט וועגן מיר פֿון זשאַקלין נאָך אונדזער טרעפֿן זיך. איך מיין, אַז איר מיינונג וועגן מיר איז ניט געווען קיין שלעכטע, אָבער אַז ער האָט עס אַזוי אָנגענומען, גלייב איך ניט. אַנדרע איז געווען דער צווייטער פֿון נינעטס עלטערע ברידער.

וועגן פֿאָטער רעד איך ניט, ער האָט שוין דעמאָלט ניט געלעבט. כ׳האָב געהערט, אַז אונטער זײַן אויפֿזיכט איז געווען אַ גרויס פֿאַרמעגן. זײַנס? אַ פֿרעמדס? דאָס האָב איך ניט געזוכט אויסצוגעפֿינען. נינעט, די ייִנגסטע, איז מיט אים אָפֿט אַרומגעפֿאָרן איבער הונדערטער העקטאַרן און האָט פֿאַרהאַלטן אין זכּרון רײַזעס איבער פֿעלדער, וועלדער, איבערן ים־ברעג – אַלץ גרין, בלאָ, פֿול מיט זון.

נאָך איר פֿאָטערס טויט איז בײַ נינעט פֿון די ליכטיקע טעג פֿון איר זײַן מיט איר פֿאָטער געבליבן אַ וווּנד אין דער נשמה.

אין מיטן פֿון די פֿערציקער יאָרן איז פֿרויד געווען זייער אין דער מאָדע. די בעסערע געזעלשאַפֿטלעכע קרײַזן האָבן זיך באַשעפֿטיקט מיט פּסיכאָאַנאַליז. אויך נינעט איז געגאַנגען צו אַ פּסיכאָאַנאַליטיקערין כּדי צו געפֿינען אַ היילונג פֿאַר איר נשמה. כ׳האָב זי איין מאָל באַגלייט צו אַזאַ סעאַנס. זי איז אַרײַנגעגאַנגען אין קאַבינעט, איך בין געבליבן שטיין אין דרויסן – אַזעלכע סעאַנסן זענען דאָך פּערזענלעכע, דיסקרעטע. אין אַ

ווײַלע אַרום איז נינעט אַרויס מיט דער ביטע פֿון דער פּסיכאָלאָגין, אַז איך זאָל צו איר אַרײַנגיין, זי וויל מיך זען. נינעט האָט איר אַוודאי געזאָגט, אַז זי איז געקומען צוזאַמען מיט מיר.

איך בין אַרײַנגעגאַנגען צו איר. מיר האָבן געשמועסט אַ ווײַלע. זי האָט געדאַנקט, זיך געזעגנט און מיך געבעטן צוריק אַרײַנשיקן נינעט. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און נינעט איז אַרויסגעקומען און גענומען מיך באָקסן.

– זי האָט געזאָגט, אַז דו ביסט אײַזן־בעטאָן...

נינעט האָט מיך "געבאָקסט" און איך האָב זי אַרומגענומען, מיט געלעכטער פֿאַרלײַכטערט דעם פּסיכישן כּוח־אונטערשייד. די באַזוכן בײַ דער פּסיכאָלאָגין האָבן קלאָר געמאַכט, אַז נינעטס בענקשאַפֿט נאָך זון, ים איז אַן אויסדרוק פֿון איר בענקשאַפֿט נאָכן פֿאָטער. און צו דעם האָט מען באַדאַרפֿט אַ פּסיכיאַטער!...

נאָכן טויט פֿון פֿאָטער האָט דעם רודער פֿון דער פֿאַמיליע איבערגענומען דער עלטסטער ברודער בערטראַן.

ווײַזט אויס, אַז מײַן דערשײַנען אין דער פֿאַמיליע האָט אַוועקגעשטעלט די פֿראַגע וועגן מיר אויפֿן סדר־היום.

ווי עס איז דערגאַנגען צו מיר, איז איוועט, נינעטס עלטערע שוועסטער, געווען סימפּאַטיש געשטימט צו מיר, זי האָט אַפֿילו אָנגעקניפּט מיט מיר אַ קאָנטאַקט דורך בריוו. אויך צוויי טעכטער פֿון אַן עלטערער שוועסטער זענען געווען נאָענט צו מיר, מיט מיר מיט פֿאַרגעניגן פֿאַרבראַכט, געמאַכט געמיינזאַמע שפּאַצירן. אויב דער, אַזוי גערופֿענער פֿרויענפֿראָנט איז געווען גענייגט צו מיר, איז דער מענערפֿראָנט געווען האַרט אַנטשלאָסן קעגן. דער ייִנגסטער פֿון נינעטס ברידער איז געווען חתונה געהאַט מיט אַ רוסישער אַריסטאָקראַטקע, וועלכע, ווי כ'האָב באַמערקט, איז אין די משפּחה־שמועסן קיין מאָל ניט דערמאָנט געוואָרן, כאָטש די באַציִונג צו איר איז געווען מיט רעספּעקט. מען האָט געקענט אַ מאָל הערן אַ שפּאָטווערטל אויף איר חשבון אָבער, חס־וחלילה, קיין מאָל ניט קיין וואָרט קעגן.

דער עיקר, מען האָט זיך צו מײַן ענין ערנסט גענומען. נינעט האָט עס מיר געמאָלדן:

– בערטראַן וויל מיט דיר רעדן.

די דאָזיקע פּאָר ווערטער האָבן אײַנגעוויקלט אין זיך אַלע באַטראַכ־טונגען. סוף־כּל־סוף איז דאָך דאָ אַלזשיר. ניט די שטימען פֿון די פּרויען האָבן דאָ געקענט דעצידירן. די זאַך איז איבערגעגעבן געוואָרן בערטראַנען.

– ער וועט זיך טרעפֿן מיט דיר אין מײַן צימער, – און נינעט האָט מיר אָנגעוויזן אַז איך וועל זיצן אויף איר בעט און דער ברודער וועט זיצן אויף אַ שטול לעבן מיר. – וועסט אים ענטפֿערן אויף אַלע זײַנע פֿראַגעס. שעם זיך ניט. ענטפֿער, פֿרעג פֿרײַ, נעם זיך ניט איבער.

דעם אמת געזאָגט, איז מיר דער דאָזיקער שמועס ניט געווען צום האַרצן. איך, וואָס האָב גאָרניט חוץ אַ פֿאַרגאַנגענהייט, וועלכע איז פֿאַר אַ מענטש ווי בערטראַן געווען דערווידערדיק, שוין ניט ר׳עכענענדיק דאָס נאַציאָנאַלע פּינטעלע, וואָס וועט ניט דערמאָנט ווערן, אָבער שטענדיק שוועבן איבער אונדז, – ווי וועל איך זיך אַרײַנפּאַסן אין די ראַמען פֿון אַזאַ שמועס? נינעט איז געשטאַנען אַ זיכערע פֿאַר מיר:

– רעד פֿרײַ, איר וועט זײַןביידע אַליין. איך בין מיט דיר.

דאָס איז געווען אין אַ נאָכמיטאָג. כ׳בין געווען מיט נינעט אויסער דער שטאָט, אויף די גרינע הייכן פֿון בוזאַרעאַ. איך – אַ ביסל אַ פֿאַרלוירענער, זי – פֿרײַ, נאָענט, ליב. אין אָוונט, צו דער צײַט, בין איך געווען אויפֿן אָרט, געזעסן רויִק אויפֿן בעט, גרייט צו ענטפֿערן אויף פֿראַגעס, גרייט צו פֿירן אַ זאַכלעכן שמועס.

בערטראַן איז אַרײַנגעקומען צו דער צײַט, זיך באַגריסט, אַנידער־געזעצט. ער האָט געשטעלט זאַכלעכע פֿראַגעס, כּמעט ווי אין אַן אַמט: עלטער, פֿאַך, בילדונג, פֿאַמיליע־צושטאַנד. קלאָר, ער האָט באַלד בײַם אָנהייב דערמאָנט דעם ענין נינעט, צוליב וועלכן ער וויל מיך נענטער דערקענען. איך בין געווען קאָרעקט אין מײַנע ענטפֿערס. דער שמועס איז געווען, אויב מען קען עס אָנרופֿן אַ שמועס, אַ קורצער, אַ זאַכלעכער, פֿון צוויי מענטשן, וואָס האָבן פּאַקטיש איינער דעם צווייטן קיין נײַעס ניט צו זאָגן.

דער רעזולטאַט פֿונעם שמועס איז צו מיר דערגאַנגען אין אַ פּאָר טעג

אַרום. די משפּחה האָט באַשלאָסן נינעט און מיך צעשיידן אויף זעקס וואָכן. נינעט וועט אַוועקפֿאָרן צו איר שוועסטער אין מאַראָקאָ, איר מאַן איז דאָרט אויף אַ הויכן מלוכה־פּאָסטן. אפֿשר וועט די דאָזיקע דערווײַטערונג דערפֿירן אויך צו דער דערווײַטערונג פֿון אונדז ביידע, צו אַ צעשיידונג.

נינעט האָט מיר געמאָלדן וועגן דעם באַשלוס, וועלכן זי וועט אומבאַדינגט אויספֿירן, מיך האַרציק אַרומגענומען און באַרויִקט:

– נעם זיך ניט איבער.

כ'האָב געהאַט צוטרוי צו נינעט, זיך ניט איבערגענומען. כ'בין געבליבן אָן נינעט.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און איך האָב דערהאַלטן דעם ערשטן בריוו פֿון מאַראָקאָ. דערנאָך איז געקומען דער צווייטער, דער דריטער, אַ קאַרטל, אַ גרוס, אַ טעלעפֿאָן־געשפּרעך – ס'האָט זיך אײַנגעשטעלט אַ רעגולערע פֿאַרבינדונג. כ'בין ניט געווען אַליין. איך האָב געטראַכט וועגן דעם, ווי וועט דער באַשלוס פֿון משפּחה ווירקן אויף נינעט. געזוכט מיט די אויגן פֿון פֿאַרשטאַנד, געזוכט די מעגלעכע אַנטוויקלונג פֿון דער באַראַטונג. כ'האָב געזען די אָנטיילנעמער, געזען ווי זיי האַלטן זיך בעתן שמועס. כ'האָב געזען די צוויי מומעס, וועלכע האָבן געערן פֿאַרבראַכט מיט נינעט און מיט מיר, ווען מיר זענען אַרײַנגעקומען אין סאַלאָן – זיי האָבן זיך געהאַלטן זייער פֿרײַ, סימפּאַטיש. די מוטער? איך פֿלעג איצט ברענגען מײַן חודשלעכן ענגלישן וויקט צו איר אַהיים. די מוטער האָט עס וואַרעם אָנגענומען, שוין לאַנג ניט געזען אַזעלכע זאַכן אויפֿן פֿרײַען מאַרק. וועגן גיין קויפֿן, באַזאָרגן זיך זאַכן פֿון שוואַרצן מאַרק איז קיין רייד ניט געווען. די מוטער האָט בלויז געשטעלט איין באַדינג – איך זאָל צוריקנעמען די סומע, וועלכע כ'האָב באַצאָלט. עס וואָלט מיר ליבער געווען איבערצוגעבן דער מוטער די דאָזיקע זאַכן און ניט נעמען צוריק די פּאָר גראָשן, אָבער די מוטער האָט געהאַט אירע פּרינציפּן – אָנרירן זיי האָב איך ניט געוואָלט, ניט געטאָרט. כ'האָב געוווּסט, אַז די מוטער באַקומט איר טעגלעכע נאָרמע מילך – צוויי ליטערס... פֿון אַ פֿאָלוואַרק פֿון איבער 700 העקטאַר, ווו ס'האָבן ניט געפֿעלט קיין שאָף און רינדער. האָט זי לײַכט געקענט האָבן אַ סך מערער ווי די צוגעטיילטע צוויי ליטערס, אָבער די מוטער האָט זיך

געהאַלטן אָן געזעץ. צום בירגערלעכן געזעץ האָט זי געהאַט אַ זעלטן טרײַע, ליבראַלע באַציִונג.

אויך בײַ נינעט האָב איך געמערקט אַן אָפּשײַ צו געזעצן, אָבער בײַ נינעט זענען שוין געווען קענטיק דער יוגנטלעכער וויִץ, די קונדסים־שטיק. מיר זענען אַ מאָל פֿאַרבײַגעגאַנגען דעם בריטישן מאַגאַזין פֿאַר דאַמענזאַכן. מיר זענען דעמאָלט געווען זאַלבעדריט – נינעט, באַבאָ און איך.

– אָט אַזאַ דאַמענטאַש וואָלט איך געוואָלט האָבן, – האָט געוויזן נינעט אויף אַ שײנעם, געלונגענעם דאַמענטאַש.

איך האָב ניט געהאַט קײן רעכט צו מאַכן אײַנקויפֿן אין דעם מאַגאַזין, באַבאָ און נינעט – זיכער ניט. האָט אָבער דער שטיפֿערישער גײַסט אונטערגעהעצט נינעט:

– קום, לאָמיר פּרובירן.

און אַזוי, רעדנדיק ענגליש, זענען מיר צוגעגאַנגען צו דער פֿאַרקויפֿערין און געפֿרעגט דעם פּרײַז פֿונעם טאַש. זי האָט אָנגעגעבן דעם פּרײַז, און נינעט האָט אַ זאָג געטאָן צו מיר:

– נו?

פֿאַרשטײט זיך, אַז איך האָב אַרויסגעלייגט דאָס געלט און מיר האָבן פֿאַרלאָזט דעם מאַגאַזין, נינעט איז אַרויס אַ צעשמייכלטע מיטן טאַש אין האַנט. שוין ווײַט פֿון מאַגאַזין האָבן מיר זיך צעלאַכט, צעשטורכעט פֿון אונדזער שטיקל קונדסים־אַרבעט.

אין מוח האָט געהאַמערט די פֿראַגע: ווי וועט זיך די משפּחה, נינעט באַציִען צום אָנגענומענעם באַשלוס? דעם אמת געזאָגט, איז ער ניט געווען קײן פֿײַנלעכער – מיר זענען דאָך פֿאַקטיש געווען די גאַנצע צײַט אין פֿאַרבינדונג, אָבער עס איז דאָך געווען אַן אַרויפֿגעלייגטע באַגרענעצונג, און פֿרײַע מענטשן האָבן ניט ליב קײן באַגרענעצונגען.

וואָס איז דאָ צו רעדן – אין דרײַ וואָכן אַרום איז נינעט געווען צוריק אין דער היים. דאָס הויז האָט זיך ניט איבערגעקערט, די מענטשן האָבן זיך ניט געענדערט. אַלץ און אַלע האָבן זיך ווײַטער געפֿירט ווי פֿריִער – נינעט און איך אויך.

# די פֿרײַהייט אין קאַמף פֿאַר פֿרײַהייט

שוין אַ היפּשע פּאָר חדשים זינט די אַלייִרטע האָבן געלאַנדעט אין צפֿון־אַפֿריקע, אין אַלזשיריע, אָבער די געשיכטע האָט זיך ניט געריִרט פֿון אָרט. אַמעריקאַנער, ענגלענדער פֿון די דעבאַרקירטע אײנהייטן פֿילן אויס דאָס לאַנד און – גאָרניט. פּעטענס דינערס זיצן דאָ ווײַטער אויף זייערע פּאָסטנס און לאָזן ניט, אַז עס זאָל זיך וואָס ענדערן. קיין נסים געשעען ניט. כּדי עס זאָלן געשען נסים דאַרף מען צוהעלפֿן, און דאָ קאָמפּליצירן זיך די ענינים. פֿראַנקרײַך, די מעטראָפּאָליע, איז נאָך אונטער די לאַפּעס פֿון דײַטשישן אָקופּאַנט און זײַנע דינערס. נאָך דער לאַנדונג פֿון די אַלייִרטע כּוחות אין צפֿון־אַפֿריקע האָט דער דײַטשישער אָקופּאַנט אַפֿילו אויסגעברייטערט זײַן הערשאַפֿט און פֿאַרנומען גאַנץ פֿראַנקרײַך, דאָס הייסט אויך אויף די אַזוי גערופֿענע "פֿרײַע זאָנע". פֿון וואַנען־זשע זאָל קומען דאָס וואָרט פֿון פֿרײַען פֿראַנקרײַך? פֿון אַמעריקע? פֿון ענגלאַנד? אין ענגלאַנד זיצט אַפֿילו דער גענעראַל דע־גאָל, אָבער דאָרט הערשט טשערטשיל און ער האָט צו דע־גאָלן ניט קיין גרויסן צוטרוי. אויך אַמעריקע האַלט זיך ווײַט פֿון אים.

פֿראַנקרײַכס קאָלאָניע איז אין די הענט פֿון די אַלייִרטע, אָבער אַלזשיריע, איר קאָלאָניע, האַלטן זיי פֿעסט אין זייערע הענט, וועגן איבערגעבן זי אין די הענט פֿון דע־גאָלן הערט מען קיין וואָרט ניט.

דערווײַל גייען אָן אין אַלזשיריע די אַלטע פּאָראָנדקעס אונטער דער לייטונג פֿון גענעראַל זשיראָ, וועמען עס העלפֿן אַנדערע הויכע

פֿראַנצייזישע סאַטראַפּן פֿון דער בולטער פּעטען־מאַרקע. כּדי זיי צו שטאַרקן האָט ווישי־פֿראַנקרײַך געשיקט דעם אַדמיראַל דאַרלאַן. אין וועלכער ריכטונג וועט ער גיין? וויל דאָ יעדערער פֿאַר זיך – די אַמעריקאַנער, ענגלענדער, די פֿאַרשיידענע צדדים אין פֿראַנקרײַך – שאַפֿן אַ לאַנד אין זייערע אינטערעסן? און צו האָט אויך דאָס פֿרײַע פֿראַנקרײַך איר פֿאָרשטייער אין דעם דאָזיקן וויכּוח?

זשיראָ און זײַנע ווישי־מיטהעלפֿער האָבן ניט קיין גרויסן אָנזען אין אַלזשיר. דע־גאָל האָט דאָ אַ גרויסן אָנזען, אָבער דער אָרגאַניזאַציאָנעלער פֿאַרנעם איז אַ געװגג באַגרענעצטער. די אַקטיווע דע־גאָל־גרופּע, וואָס האָט אונטער דער לייטונג פֿון יונגן זשאָזע אַבולקער אַזוי אַקטיוו מיטגעהאָלפֿן די אַלייִרטע אין זייער לאַנדונג, איז שנעל אַרעסטירט געוואָרן. מען שמועסט וועגן די שווערע אורטיילן וועלכע דערוואַרטן זיי, ווײַל מען באַשולדיקט זיי אין פֿאַרשווערונג, פֿאַרראַט. ס'איז אַ צײַט, ווען אַלזשיר וואַרט אויפֿן חסד פֿון גענעראַל זשיראָ, מען הערט ניט וועגן אַנולירן די ראַסיסטישע געזעצן פֿון ווישי, וועגן צוריק אײַנפֿירן אין לעבן דאָס קרעמיע־געזעץ. פֿאַרקערט, מען הערט וועגן קאָנצענטראַציע־לאַגערן, וועלכע ווערן צוגעגרייט. און די יונגע אַקטיווע חבֿרה זענען אין אַרעסט, און דאָס רובֿ פֿון זיי – וואָס איז זיך צו וווּנדערן! – זענען ייִדישע יונגע אָפּיצירן, אונטעראָפֿיצירן. הײַנט קען מען שוין לייענען זייערע נעמען – די דאַדונס, אַטיאַס, גאַזלאַנס, אַלבוס, לוי, עלי־קאַלווע כהן, זשאַק זערמאַטי – שטאָלצע ייִדן, וועלכע גיבן זיך ניט לײַכט אונטער, ווען מען וויל אַזוי שנעל אַוועקנעמען די רעכט, וועלכע די ייִדן האָבן אויסגעקעמפּט אין משך פֿון לאַנגע יאָרן. דעמאָלט האָט מען זייערע נעמען ניט דערמאָנט, כּדי ניט צו דערמעגלעכן נאָכצופֿאָלגן זייערע פֿאַרבינדונגען. און זיי האָבן עס לאַנג געהיט. איינעם פֿון זיי, זשאַק זערמאַטי, האָב איך געקענט, וואָס הייסט געקענט? כ'בין געווען אַן אָפּטער גאַסט זײַנער בײַ אים אין דער היים, אַ וואַרעמער חבֿר. זײַן פֿרוי איז געווען אַ טאָכטער פֿון באַראָן גינצבורגס פֿאַמיליע פֿון פּעטראָגראַד. וואָס האָבן מיר ניט באַהאַנדלט אין אונדזערע שמועסן! לויט די ידיעות, איצט שוין פֿאַרעפֿנטלעכטע, אין זשאַקס אויפֿגאַבע געווען צו פֿאַרכאַפּן די פּרעפֿעקטור! ער האָט זיך נאָך אַפֿילו

שפּעטער געהיט אַרויסצורייידן כאָטש אַ וואָרט וועגן יענער קאָנספּיראַציע.

און אָט האָט מען דערהערט אַ שאָס. דאָס האָט דער זון פֿונעם רעדאַקטאָר פֿון דער "דעפּעש ד'אַלזשער", דעם 20־יאָריקער פֿערנאַן באָניע דע לאַ שאַפּעל דעם 24סטן דעצעמבער 1942 דערשאָסן דעם אַדמיראַל דאַרלאַן. פֿערנאַן באָניע, האָט מען געשמועסט, איז געווען פֿון די מאָנאַרכיסטישע קרײַזן. זשיראָ האָט אויך דעם דאָזיקן קעגנער ניט טאָלערירט. מען האָט דעם יונגן־מאַן אַרעסטירט, שנעל דורכגעפֿירט די געריכט פּראָצעדור און פֿאַרמישפּט צום טויט. ס'האָבן זיך געהערט שווערע ווערטער קעגן דער מאַכט. אין געוויסע היימען זענען געווען הונגערשטרײַקן, מען האָט געהאַלטן תּפֿילות. די שטילע אינטערווענצן פֿון געוויסע הויכע קרײַזן, פֿון וועלכע דע־באָניע האָט געשטאַמט, האָבן דעם יונגן אַטנטאַטאָר ניט געהאָלפֿן – ער האָט באַצאָלט מיטן קאָפּ.

דער ענין מיט אַבולקערס גרופּע פֿאַרשווערערס איז געווען אַ מער קאָמפּליצירטער. ער האָט זיך פֿאַרצויגן, און דאָס האָט זיי געראַטעוועט. עס איז ניט געווען אַזוי פּשוט. ס'זענען געווען צדדים, וועלכע האָבן געוואָלט אויסניצן זשיראָס הערשאַפֿט. זשיראָ און דער גובערנאַטאָר איוו שאַטעל, צו וועמען די ווישי־רעגירונג האָט אַרויסגעשיקט דעם אַדמיראַל דאַרלאַן, האָבן געהאַט זייערע פּלענער און זיי זענען געווען ניט אַליין, זיי האָט מיטגעהאָלפֿן דער דיפּלאָמאַט פֿון... די פֿאַראייניקטע שטאַטן ראָבערט מערפֿי...

די לאַגע האָט זיך געענדערט ווען פֿראַנקרײַך איז סוף־כּל־סוף צוגעלאָזט געוואָרן צום דיפּלאָמאַטישן טיש. נאָך דער יאַלטאַ־קאָנפֿערענץ איז דע־גאָל געקומען, אמת – אויף אַ באַשיידענעם אופֿן, קיין אַלזשיר. ס'האָט ניט געשמעקט מיט קיין באַזונדערער פֿײַערלעכקייט. די דע־גאָל־גרופּע האָט אײַנגעאָרדנט אַ מיטינג אין גרעסטן קינאָזאַל פֿון אַלזשיר. דאָרט איז דע־גאָל אַרויסגעטראָטן. ס'איז ניט געווען קיין שום אויפֿנאַמע, באַגריסונגען. געקומען איז דאָס פּראָסטע פֿאָלק, וואָס האָט דע־גאָלן געשעצט. זיי האָט דע־גאָל ניט באַזונדערס ליב געהאַט. עס האָבן זיך ניט געזען די רײַכע קאָלאָנען – זיי האָבן דע־גאָלן ניט ליב געהאַט...

איך האָב זיך אויסגעקליבן אַ גוט אָרט – ס׳איז ניט שווער געווען – גרייט צו זען און הערן. געעפֿנט האָט דעם מיטינג, אָן צערעמאָניעס, רענע קאַפּיטאַן, דער רעדאַקטאָר פֿון ״עקאָ ד׳ אַלזשער״, אַן אָנגעזעענער דע־גאָליסט, און גלײַך געגעבן דאָס וואָרט דעם גאַסט.

דע־גאָל האָט גערעדט אַ צוויי שעה און האָט באַשטעטיקט דאָס פֿראַנצייזישע ווערטל: ״די שפּראַך איז געגעבן געוואָרן דעם מענטש ער זאָל באַהאַלטן זײַן געדאַנק...״ ער האָט גערעדט ווי זײַן שטייגער איז, מיט האַמעטנע, געהאַקטע פֿראַזעס און ס׳איז אוממעגלעך געווען עפּעס פֿון זיי אַרויסצובאַקומען. ער האָט אַוודאי נאָך גאָרניט געקענט זאָגן. ס׳איז נאָך אָנגעגאַנגען דער קוהאַנדל, אין וועלכן די פֿאַרבינדעטע האָבן זיך באַמיט וואָס מערער אַרויסצורײַסן פֿון פֿראַנקרײַך. און פֿראַנקרײַך איז נאָך איר מפּלה געשטאַנען ווי דער אָרעמאַן בײַ דער טיר – אַ לאַגע, וועלכע האָט זיך אָבער שנעל געענדערט נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון פּאַריז.

דערווײַלע האָט מען געוואַרט – ניט אַמעריקע, ניט ענגלאַנד און ניט פֿראַנקרײַך האָבן געקענט מאַכן אַ שנעלן טראָט. האָט מען געוואַרט און געשוויגן. אין אָט דעם פּעריאָד האָבן מענטשן זיך געהיט אַרויסצוזאָגן זייער מיינונג. ס׳איז אַזאַ פֿאַרבאָט ניט געווען, אָבער גיי ווייס פֿון וואָס אָנצוהייבן...

פֿון דעם, וואָס מען האָט געטראַכט אין נינעטס הויז איז ניט געווען וואָס אַרויסצודרינגען. האָסט געהערט דאָ און דאָרט אַ סאַרקאַסטיש וואָרט, אַ באַמערקונג וועגן דער אויפֿפֿירונג פֿון די אַמעריקאַנער, ענגלענדער, אָבער אַלץ איז געווען אַרומגענומען מיט פֿאָרזיכט. פּעטענען, די פֿאַשיסטישע פּאַרטייען, מאָנאַרכיסטן האָט קיינער אויף די ליפּן ניט געבראַכט. גאָליזם איז נאָך ניט געווען אין דער מאָדע. אַ וועלט איז אָפּגעווישט געוואָרן, און דער האָריזאָנט איז געווען אַ ליידיקער. בלויז מײַן וועלט מיט סטאַלינען בראָש איז געווען ליכטיק און זיכער. כ׳האָב נאָך גאָרנישט ניט געוווּסט...

די רוסן האָבן פֿאַר זייער פֿאָרשטייערשאַפֿט באַקומען אַ שיינע ווילע אויף איינער פֿון די שענסטע גאַסן פֿון אַלזשיר, זיי האָבן געגומען אַרומניוכען. ס׳איז נאָך געגאַנגען די מלחמה, אַלץ האָט זיך געצויגן ווײַטער אָן ענדערונגען. בין איך געווען שטאַרק פֿאַראינטריגירט, ווען אַ חבֿר מיט

וועלכן כ׳בין געווען אין אַ גאָר לויזער פֿאַרבינדונג, האָט נאָך אַ באַזוך אין דער סאָוועטישער פֿאָרשטייערשאַפֿט מיר איבערגעגעבן, אַז מען האָט אים דאָרט געפֿרעגט וועגן מיר, געבעטן כ׳זאָל אַהין אָנקלינגען. ער האָט מיר געגעבן דעם טעלעפֿאָן־נומער.

ווער? וואָס? – האָב איך ניט געוווסט. דאָס האָט מיך געוווּנדערט. כ׳האָב אָנגעקלונגען, זיך אָפּגעשמועסט און אַהין אַוועק. פֿאַרבײַגעגאַנגען אַ קאָרידאָר מיט אַ סך צימערן ביז איך בין שטיין געבליבן פֿאַרן צימער, ווו כ׳האָב געדאַרפֿט אַרײַנגיין. כ׳האָב אָנגעקלאַפּט און אָן צערעמאָניעס, אַרײַנגעגאַנגען. מיר איז אַנטקעגנגעגאַנגען אַן אָפֿיציר מיט פֿילצאָליקע אויסצייכענונגען אויף דער ברוסט. וועגן די אויסצייכענונגען האָב איך געהאַט געהערט, אָבער ניט געזען קיין מאָל. דעם מיליטערישן ראַנג האָב איך ניט געקענט אַראָפּלייענען פֿון די עפּאָלעטן – געווען דאָרט פֿון גאָלד און פֿון זילבער. אַוודאי אַ הויכער ראַנג, אָבער וואָס איז עס וויכטיק? ער איז געווען אַ מאַן אין מיטעלן עלטער, אין די פֿערציקער, סימפּאַטיש געשמייכלט, וואַרעם אויפֿגענומען, צוגעפֿירט צום טיש, געבעטן זיצן.

שוין בײַם אָנהייב שמועס האָב איך געהערט, אַז ער קען מײַן פֿרײַנד אימעק, וואָס האָט אים דערציילט וועגן מיר. ער האָט געוווסט וועגן מײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיט אימעקן אין שפּאַניע, אין אַלזשיר, וועגן מײַן לעבן און אַרבעט דאָ. עס זענען געווען אַ פּאָר טריוויאַלע פֿראַגעס, און מיר זענען אַריבער צו אַלגעמיינע פּאָליטישע טעמעס, שטרענג באַגרענעצטע אין זייערע ראַמען. אין הסכּם מיט זײַן הויכן מיליטערישן ראַנג האָט ער ניט גערעדט סתּם, ניט געוואָרפֿן ווערטער אין דער לופֿטן. קומענדיק פֿון סאָוועטן־פֿאַרבאַנד האָט ער מיטגעבראַכט מיט זיך וואַכזאַמקייט, אויסגעפֿילט דערמיט די סבֿיבֿה.

מיר האָבן לאַנג געשמועסט. פֿרײַנדלעך, פֿאָרזיכטיק. מיר האָבן ביידע געשמייכלט און לסוף זיך וואַרעם געזעגנט.

איך האָב לאַנג געטראַכט, וואָס איז דער סאָוועטישער מיליטער־מאַן אויסן געווען מיט זײַן שמועס. צי האָט אים אימעק דערציילט וועגן מיר, זײַן נאָענטן חבֿר, און ער האָט געוואָלט מיט מיר אַ שמועס טאָן צו וויסן ווער איך בין, קאָנטראָלירן מיך און אַפֿשר טאַקע אימעקן אויך? צי האָט ער

גערטראַכט ווי מיך דאָרט אַריבערצופֿירן אין פֿאַרבינדונג מיט אימעקן? אָדער איז עס געוועזן די אַלטע מעשׂה פֿון דזשאָן סטיינבעק, „וועגן מײַז און מענטשן", וואָס מאַכן טייל מאָל פּלענער, וועלכע זיי קענען ניט שטענדיק אויספֿירן?...

## ...זשאָרזש דערציילט ניט מער גאָרניט...

ווען אימעקן האָב איך שוין ניט ווייניק דערציילט, אָבער דאָס מאָל וועט זײַן אַלץ, פֿון אָנהייב ביזן סוף, ער איז, לײַדער, ניטאָ מער. קיין נײַעס פֿון זײַן לעבן וועט מער ניט זײַן.

יאָ, אימעק, וואָס איז דאָס פֿאַר אַ נאָמען? אַוודאי פֿון חיים, פֿאַרפּוילישט אויף חיימעק, פֿון וועלכן ס'איז געבליבן נאָר דער סוף אימעק. מען פֿלעגט עס אָפֿט אַזוי טאָן. מײַן זעליקע מאַמע האָט מיט מײַן נאָמען, בנימין, אויך אַזוי געטאָן. פֿאַר איר בין איך געבליבן יאָמע, אַ נאָמען וואָס מ'האָט אָפֿט געהערט אין פּוילן. ס'איז אַפֿילו פֿאַראַן אַ שיין פֿאָלקסליד: "יאָמע, יאָמע, זינג מיר אַ לידעלע"... אָבער כ'וועל איצט קיין לידעלע ניט זינגען, כ'וועל דערציילן וועגן מײַן חבֿר אימעק. געווען איז ער אַ גלײַכער, ערלעכער מענטש, געגלייבט אין לעבנסוועג וואָס ער האָט זיך אויסגעקליבן און געגאַנגען אויף אים גלײַך, אָן וואַקלענישן – ער האָט טראַגיש באַצאָלט דערפֿאַר.

אימעק האָט געשטאַמט פֿון באָריסלאַוו, אַ שטאָט אין מיזרח־גאַליציע, פּוילן. דערנאָך, אין דער מלחמה, איז עס געוואָרן מערבֿ־אוקראַינע. ער האָט געשטאַמט פֿון אַן אָרעמער פֿאַמיליע. וועגן פֿאָטער האָט ער ניט געוואָלט רעדן. ער האָט אים ניט באַזונדערס געאַכט. די מוטער האָט ער פֿאַרגעטערט. זי האָט געטראָגן דעם עול פֿון פּרנסה, געשלעפּט איבער די הײַזער זאַכן צו פֿאַרקויפֿן. זי האָט געגעבן דעם זון אַ גוטע דערציִונג, געשיקט לערנען אין אוניווערסיטעט אין בּרנאָ, אין טשעכאָסלאָוואַקײַ, ווו

ער האָט געענדיקט זײַנע מעדיצינישע לימודים. פֿון בערן איז ער גלײַך געקומען קיין שפּאַניע.

איך האָב אים געטראָפֿן אויף דער באַזע פֿון די אינטערנאַציאָנאַלע בריגאַדעס, אין אַלבאַסעטע. ער איז געווען אַ וווּקסיקער, ברייטפּלייציקער, געזונטער חבֿרה־מאַן, פֿון וועלכן ס'האָט געשטראַלט ענערגיע און פֿלײַס. געטראָפֿן זיך, און שוין בײַנאַכט איז ער אַוועק אויפֿן דרום־פֿראָנט, איך – אויפֿן מאַדרידער. ניט באַוויזן זיך דורכצושמועסן. מיר האָבן זיך נאָך געטראָפֿן ניט איין מאָל, אָבער אויף שמועסן איז קיין צײַט ניט געווען.

אין די פֿאַרשיידענע לאַגערן אין פֿראַנקרײַך האָבן מיר אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט ניט פֿאַרטיפֿט. ווען מיר זענען געווען פֿאַרשיקט קיין אַפֿריקע, אויף דער אַלזשירער ערד, אין סאַהאַרער מידבר, איז קיין חשק ניט געווען צו שמועסן.

אונדזער דערנענטערונג האָט זיך אָנגעהויבן ווען מיר האָבן, נאָך דער באַפֿרײַונג פֿון דזשעלפֿער לאַגער, געמאַכט אונדזערע ערשטע טריט אויפֿן אַלזשירער ברוק.

אימעק האָט ווי אַ דאָקטער גלײַך באַקומען אַרבעט אין אַ ייִדישער קליניק, מיך האָט מען געשיקט אין אַן אַמעריקאַנער שטאַב מיט אַ צעטל, אַז איך "זע אויס צו זײַן אינטעליגענט" און בין אַריבער אַרבעטן אין דער אַמעריקאַנער, דערנאָך ענגלישער אַדמיניסטראַציע. מיר האָבן געאַרבעט אין צוויי באַזונדערע וועלטן: איך צווישן אַמעריקאַנער, ענגלענדער און אימעק צווישן ייִדן, ייִדן פֿון די אָרעמסטע שיכטן, וואָס זענען געקומען געניסן פֿון דער סאָציאַלער, מעדיצינישער הילף פֿון דער אַלזשירער ייִדישע קהילה. דערבײַ זענען איך געווען באַשעפֿטיקט דאַמעס פֿון די בעסערע שיכטן פֿון דער ייִדישער באַפֿעלקערונג, ווילטעטיקע פֿרויען, וועלכע האָבן אויסגעפֿילט די ראָלעס פֿון אַדמיניסטראַטאָרס, אויפֿזעערס, קראַנקן־שוועסטער. דאָס האָט אונדז דערמעגלעכט צו דערקענען נענטער די פֿאַרשיידענע שיכטן פֿון דער אָרטיקער געזעלשאַפֿט. ווען מיר פֿלעגן זיך טרעפֿן, פֿלעגן מיר שמועסן וועגן נעכטן און הײַנט, אַנאַליזירן מענטשן, געשעענישן, פּאַרטייען, באַוועגונגען. אימעק האָט גענומען פֿירן אַ קאַרטאָטעק, אין וועלכער ער האָט פֿאַרצייכנט כאַראַקטעריסטישע

שטריכן, באַמערקונגען וועגן פּערזענלעכקייטן אין אַלזשירער לעבן – ייִדן, אַראַבער, פֿראַנצויזן. אין זײַן קאַרטאָטעק האָט מען געקענט לייענען וועגן די מענטשן, מיט וועמען זיי האָבן חתונה געהאַט, זייערע נייגונגען – דאָס אַלץ האָט ער געשעפּט פֿון די צײַטונגען, פּריוואַטע שמועסן.

מיט דער צײַט האָט זיך אימעק דערנענטערט צו איינער פֿון די ווילטעטיקע דאַמעס, אַ יונגע אַלמנה, און ס׳האָט זיך געשטעלט די פֿראַגע וועגן חתונה האָבן. די פֿרוי, סעסיל, איז געווען פֿון אַ פֿאַרמעגלעכער, באַלעבאַטישער היים, און דער שידוך האָט אויפֿגעהויבן אַ רייִ פּראָבּלעמען. פֿאַר דער דאָזיקער סבֿיבֿה איז אימעק געווען אַ ״פֿרעמדער״, אַן עטראַנזשע. מען האָט געוווּסט, אַז ער איז אַ ייִד, אָבער די לעצטע פּאָליטיש־געאָגראַפֿישע ענדערונגען האָבן אַ ביסל קאָמפּליצירט די באַגריפֿן: אַ פּוילישער ייִד? אַ רוסישער? אַן אוקראַיִנער? מען האָט אויך געוווּסט, אַז ער איז פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע – אַ באָלשעוויק?!

די משפּחה האָט זיך קעגנגעשטעלט – ניין און ניין! אָבער סעסיל האָט זיך פֿאַרעקשנט. דעם ערשטן מאַן, וואָס מען האָט איר געגעבן, האָט זי אָנגענומען ווי אַ גוטע טאָכטער, כאָטש ער איז איר ניט געפֿעלן – געווען אַ קראַנקער, ניט קיין רעפּרעזענטאַטיווער. דאָס מאָל, דאָס צווייטע מאָל – גענוג! זי וועט נעמען וועמען זי וויל און אַזוי איז געשען. טאַטע־מאַמע, שוועסטער און שוואָגערס האָבן גאָרניט געפּועלט.

אימעק האָט זיך אַרײַנגעקליבן צו סעסיל אין הויז, אין איינער פֿון די פֿאָרשטעט פֿון אַלזשיר – סענט אויזשען. דאָס איז געווען אַן איינשטאָקיקע געבײַדע, געבויט אין פֿאָרעם פֿון אַ פּירעק מיט אַ פּאַטיאָ אין מיטן. דאָס הויז איז געשטאַנען אויף אַ באַרג אין אַ גרויסן גאָרטן, וואָס האָט זיך געצויגן אַראָפּ צום שאָסיי. אַ פּאָר צענדליק מעטער ווײַטער האָט זיך געוויגט דער ים. דאָס הויז האָט געהאַט אַ סך צימערן, ס׳האָבן דאָרט געקענט לעבן עטלעכע משפּחות. אַ פֿליגל אויפֿן ערשטן שטאָק האָט באַקומען סעסיל – אַהין האָט זיך אימעק אַרײַנגעקליבן.

געבוירן אין מערבֿ־אוקראַיִנע, איז אימעק מיטן אַרײַנמאַרש פֿון דער רויטער אַרמיי געוואָרן אַ סאָוועטישער בירגער און געווען אונטער דער סאָוועטישער שוץ. אַלץ וואָס ער האָט געטאָן איז געווען אונטערגעוואָרפֿן

דעם סאָוועטישן הכשר. אימעק האָט עס אָנגענומען מיט שטאָלץ און קען זײַן אויך מיט התחײַבֿות – אין יענער תּקופֿה פֿון די סאָוועטישע נצחונות איז עס געווען אַ זאַך פֿון כּבֿוד.

איין טאָג האָט מיר אימעק געלאָזן וויסן, אַז אַלע פֿאָרמאַליטעטן זענען דערליידיקט און פֿרײַטיק נאָך מיטאָג וועט פֿאָרקומען די חתונה. וואָס הייסט אַ חתונה? ס'וועט זײַן אַ חופּה מיט פֿיר שטאַנגען, מיט אַ רבֿ – כּדת משה וישׂראל! איך וועל זײַן אַן עדות פֿון חתנס צד. און דער עיקר, די סאָוועטישע אַמבאַסאַדע האָט געגעבן איר הסכּמה צום שידוך און אַפֿילו צו אַ רעליגיעזער חתונה מיט חופּה־וקידושין, ווי עס האָט פֿאַרלאַנגט די משפּחה. נו, פֿון אַ מי־שברך און אַ מזל־טובֿ איז נאָך קיינער ניט געשטאָרבן!...

איך פֿלעג קומען באַזוכן סעסיל און אימעקן טייל מאָל אין מיטן וואָך, זונטיק כּמעט שטענדיק. איינעם אַ זונטיק בין איך ניט געקומען. ווען כ'בין געקומען אַ וואָך שפּעטער האָט מען מיר געזאָגט, אַז דער פֿאָטער, זשאָרזש, איז געשטאָרבן. כ'האָב ניט באַמערקט אַז אין הויז זאָל זיך האָבן וואָס געענדערט, כ'האָב בלויז געזען, אַז די שטול אויף רעדער, אויף וועלכער דער אַלטער איז געזעסן אײַנגעהילט, וואָרעם צוגעדעקט, איז איצט געשטאַנען ליידיק. כ'האָב אויך באַמערקט אַז סעסיל איז אין אַנדערע אומשטאַנדן. מען האָט דערפֿון ניט גערעדט. צי דערפֿאַר וואָס די משפּחה האָט נאָך אַלץ ניט פֿאַרדײַט דעם ענין אימעק? עס איז געווען אַ מין וואַרטן – וואָס וועט סוף־כּל־סוף דערפֿון ווערן.

אין אַ שיינעם טאָג בין איך געקומען זיך געזעגענען – די מלחמה איז שוין געווען פֿאַרבײַ און די פֿאַרבינדונג צווישן אַלזשיר און פּאַריז איז שוין געווען אײַנגעשטעלט. מײַן פֿאַרלאָזן אַלזשיר איז ניט געווען קיין איבעראַשונג. מײַן לעבן דאָ איז געווען אויף איין פֿוס, אויף דערווײַל. כ'האָב דאָ קיין וואָרצלען ניט געשלאָגן. דאָס געזעגענען זיך איז פֿאָרגעקומען אין אַ שווערער שטימונג. אימעק האָט אַוודאי געטראַכט: "ווי בלײַב איך דאָ אַליין?" סעסיל האָט טיף אין האַרצן מורא געהאַט, אַז די וואַנט נעמט זיך קרישלען.

אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מײַן שיף זיך אָפּגעשטופּט פֿון אַלזשירער ברעג, שווער געקרעכצט און גענומען ריכטונג אויף פֿראַנקרײַך. אין צוויי

טעג אַרום בין איך געווען אין מאַרסעל, פֿון וואַנען כ׳בין מיטן ערשטן צוג אַוועקגעפֿאָרן קיין פּאַריז.

זיך איינגעאָרדנט אין פּאַריז, האָב איך געשריבן צו אימעקן. קיין ענטפֿער איז ניט געקומען. אין אַ חודש אַרום האָט עמעצער אָנגעקלאַפּט אין מײַן טיר – פֿאַר מיר איז געשטאַנען אימעק! כ׳האָב זיך שטאַרק דערפֿרייט אים ווידער צו זען.

פֿון אונדזער שמועס איז קלאָר געוואָרן, אַז אימעק האָט געמוזט איבעררײַסן זײַן מעדיצינישע פּראַקטיק, איבערלאָזן זײַן קאַרטאָטעק און שנעל פֿאַרלאָזן אַלזשיר. אין פּאַריז, ווו ער איז אָנגעקומען הײַנט אין דער פֿרי, וועט ער פֿאַרבלײַבן ביז מאָרגן און וועט אָפּפֿליִען קיין מאָסקווע. און סעסיל? סעסיל איז אין די לעצטע וואָכן פֿון איר שוואַנגערשאַפֿט האָט געמוזט בלײַבן אין אַלזשיר – מען וועט זי שוין אַריבערברענגען קיין מאָסקווע. וועגן דעם איז דאָ ווער ס׳זאָל זאָרגן, האָט מיך אימעק באַרויִקט. און די קאַרטאָטעק? מיט דעם האָט זיך שוין פֿאַרנומען די אַמבאַסאַדע, האָט מיר געענטפֿערט אימעק האַלב מיטן מויל, האַלב מיט אַ ווונק.

און אימעק איז אַוועק, פֿאַרשוווּנדן ווי אַ שטיין אין וואַסער. סעסילס בריוו צו מיר זענען געוואָרן וואָס אַ מאָל פֿאַרצווייפֿלטער, ביז זיי האָבן אויפֿגעהערט צו קומען.

אין אַ צוויי יאָר אַרום האָב איך אויסגענוצט מײַן זומער־אורלויב און אַוועקגעפֿאָרן אויף אַ באַזוך קיין אַלזשיר. כ׳בין אַרויסגעפֿלויגן בײַ נאַכט און נאָך פֿיר שעה פֿליִען בין איך געשטאַנען אויפֿן פֿליפֿלאַץ אין מעזאָן־בלאַנש. שוין דעם ערשטן טאָג בין איך געגאַנגען באַזוכן אימעקס משפּחה. כ׳האָב געשלונגען די טרעפּ צו צוויי מיט אַ מאָל און ווען כ׳האָב געשפּרײַזט צו דער טיר – צו וואָס באַהאַלטן – האָט מיר דאָס האַרץ גוט געקלאַפּט. וועמען וועל איך טרעפֿן? איך האָב אָנגענומען די קופּערנע האַנט, וואָס איז געהאַנגען אויפֿן מיטן טיר, און עטלעכע מאָל מיט איר לײַכט אַ קלאַפּ געטאָן אויף דער קופּערנער פּליטע, אויף וועלכער זי האָט גערוט. כ׳האָב זיך גלײַך דערווײַטערט פֿון דער טיר, כּדי צו קענען קוקן אַרויף צו די פֿענצטער און זען, ווער ס׳וועט זיך אַרויסבייגן. פֿון אַ פֿענצטער האָב איך דערהערט סעסילס שטים. זי איז גלײַך אַראָפּ מיר עפֿענען. מיר זענען ביידע געווען אין

פֿאַרלעגנהייט, ניט געקענט זיך פֿרייען מיט דער באַגעגעניש. די ווירקלעכקייט האָט שווער געדריקט. שווער צו שמועסן ווען אַלץ איז קלאָר און ס׳בלײַבט ניט וואָס צו זאָגן. פֿאַר מיר איז געזעסן סעסיל נאָך צוויי יאָר וואַרטן. לאַנגע, פֿולע צוויי יאָר, טעג און נעכט פֿון וואַרטן און טראַכטן. כ׳האָב זיך ניט געניײַטיקט אין אויפֿקלערונגען און גוט געוווּסט, אַז פֿון ״דאָרטן״ שרײַבט מען ניט, אַז ס׳איז ניט דאָס אָרט ווו מען פֿאָרט אַרײַן און אַרויס. אין דעם האָט זיך סעסיל איבערצײַגט אויף איר אייגענער הויט. אָן ידיעות פֿון אימעקן איז סעסיל נאָך אַ פּאָר חדשים וואַרטן, אַוועק צו דער סאָוועטישער פֿאַרטרעטערשאַפֿט פֿרעגן. מען האָט זיך אָפּגעפֿאַרטיקט מיט באַרויִקונג, אַז ס׳וועט זײַן גוט. אין אַ פּאָר וואָכן אַרום האָט די פֿאַרטרעטערשאַפֿט איר איבערגעגעבן אַ דעפּעש פֿון אימעקן, אַז ״ער איז געזונט, אַז אַלץ איז אין דער בעסטער אָרדענונג״, און ס׳איז אָנגעגעבן געווען אַן אַדרעס. סעסיל האָט גלײַך געשיקט אַ בריוו אויפֿן דאָזיקן אַדרעס. קיין ענטפֿער האָט זי ניט באַקומען.

סעסיל האָט גערעדט פּאַמעלעך, פּרעציז, ווי שוין ניט איין מאָל אַרויסגעזאָגטע פֿראַזעס. פֿון צײַט צו צײַט האָט זי פֿאַרבאָרגענערהייט אָפּגעווישט אַ טרער. כ׳האָב איר ניט איבערגעריסן ניט מיט קיין פֿראַגע, ניט מיט קיין וואָרט. כ׳האָב שטיל געקוקט פֿאַר זיך, אויסגעמיטן סעסילס בליק.

פֿון אַ צימער מיט אַן אָפֿענער טיר איז אַרײַנגעלאָפֿן אַ קינד.

– דאָס איז ער?

– יאָ, ער הייסט זשאָרזש, – סעסיל האָט אים אַ רוף געטאָן, – ווי אימעק, ניט אמת?

– יאָ, אין גאַנצן, ווי אויסגעגאָסן.

זשאָרזש איז שוין געווען בײַ צוויי יאָר אַלט. אַ געזונט געבויט קינד מיט זיכערע פּנים־שטריכן, זיכערע באַוועגונגען. כ׳האָב אים אַ צערטל געטאָן, געוואָלט פֿאַרהאַלטן אויף אַ ווײַלע, ער האָט זיך געראַנגלט מיט מיר, זיך ניט געלאָזט. לסוף האָט ער מיר דערלאַנגט אַ טרעבעניץ אין פּלייצע מיט אַ כּוח גאָרניט פֿון זײַן עלטער. די מאַמע האָט זיך פֿאַרשעמט און צוגלײַך שטאָלץ געווען. ער איז אַוועק ערגעץ אין אַ זײַט.

סעסיל האָט פֿאָרגעזעצט איר פֿײַנלעכן מאָנאָלאָג. איך האָב זיך

צוגעהערט שוין בלויז כּדי איר צו דערמעגלעכן זיך אַראָפּצורעדן פֿון האַרצן. קיין נײַעס האָב איך ניט דערוואַרט. זי האָט מיך פֿאַרבעטן צום אָוונטברויט. כ׳האָב געזאָגט, אַז איך בין אָפּגעשמועסט אויף הײַנט אין אָוונט. ניט אמת. כ׳בין ניט געווען אָפּגעשמועסט. איך האָב פּשוט ניט געוואָלט בלײַבן. כ׳וואָלט ניט געקענט אַראָפּשלינגען דעם ביסן.

איך האָב נאָך אַ פּאָר מאָל באַזוכט סעסיל. געבראַכט שפּילצײַג פֿאַר זשאָרזשן. געפּרוווט געבן האָפֿענונג, אין וועלכער כ׳האָב אַליין ניט געגלייבט, און צוריק אַוועק קיין פּאַריז.

די יאָרן האָבן ניט געבראַכט קיין ענדערונגען. דורך די יאָרן האָבן זיך דורכגעוועבט סעסילס בריוו צו מיר פֿון אַלזשיר. און אימעק? אימעק איז געווען ווײַט אַוועק, פֿון אים זענען ניט געקומען ניט קיין בריוו, ניט קיין טעלעגראַמעס.

אין אַ שיינעם טאָג, נאָך לאַנגע יאָרן, זײַענדיק אין האַנוי, אין אַן אַזוי געררופֿענער ברידערלעכער רעפּובליק, האָב איך אויסגענוצט אַ פֿרײַע מינוט און אָנגעשריבן צו אימעקן אַ בריוו – אויפֿן אַדרעס, וועלכן ס׳האָט מיר געגעבן סעסיל. כ׳האָב גלײַך באַקומען אַן ענטפֿער. ס׳האָט זיך אײַנגעשטעלט צווישן אונדז אַ נאָרמאַלע קאָרעספּאָנדענץ.

וואָס איז דאָ צו רעדן? ס׳איז געשען ווי דער שטייגער איז געווען: ווי נאָר אימעק איז אַריבער די שוועל פֿון סאָוועטישן "גן־עדן" האָט ער געמוזט איבעררײַסן זײַן פֿאַרבינדונג מיט דער מערבֿ־וועלט. צי איז ער ניט "אַ ביסל געזעסן", ווי ס׳האָט זיך געפֿירט בימי־סטאַלין, ווייס איך ניט – וועגן אַזעלכע זאַכן שרײַבט מען ניט אין בריוו פֿון דאָרטן. אימעק האָט ניט געשריבן קיין אַלזשיר, אָפּגעריסן זיך. און אַזוי אַ יאָר נאָך אַ יאָר. צום ערשט איז ער געווען אין אוקראַיִנע, ער האָט דאָך געשטאַמט פֿון מיזרח־גאַליציע. דערנאָך איז ער אַוועק אַ פּאָר טויזנט קילאָמעטער אויף מיזרח, קיין קורגאַן, פֿאַר וואָס, ווייס איך ניט. ווײַט אַוועק, האָט ער געטראָפֿן אַ פֿרוי, אַ דאָקטערין און – יאָ, דאָס איז עס.

דאָס איז עס, און אַזוי האָט עס געמוזט זײַן אין סאָוועט־פֿאַרבאַנד.

אָט ליגן פֿאַר מיר צוויי דאָקומענטן, וועלכע סעסיל האָט מיר איבערגעשיקט אין איינעם פֿון אירע בריוו: אַ בריוו פֿון פֿראַנצייזישן

אויסערן־מיניסטעריום פֿון יאָר 1960, אין וועלכן עס ווערט געשיקט דעם אַמבאַסאַדאָר פֿון פֿראַנקרײַך אין מאָסקווע די ווענדונג פֿון סעסיל, מען זאָל בעטן אַן אויפֿקלערונג וועגן גורל פֿון ד״ר אימעק בערנשטיין און דערמעגלעבן זײַן צוריקקער. די סאָוועטישע אינסטאַנצן האָט עס ניט געשטעלט אין פֿאַרלעגנהייט. אין צוויי חדשים שפּעטער האָבן זיי צוגעשטעלט (דאָס איז דער צווייטער דאָקומענט) אַ קורצע דערקלערונג פֿון ד״ר בערנשטיין, אַז ער איז אַ סאָוועטישער בירגער, אַז זײַן פֿאַמיליע געפֿינט זיך דאָ אויפֿן אָרט און מער האָט ער ניט וואָס צו זאָגן. אונטערגעשריבן: מיט רעספּעקט – אי. בערנשטיין. קיין האַנט־אונטערשריפֿט איז אויפֿן דאָקומענט ניטאָ. איז וואָס? און ווען אויפֿן אָפֿיציעלן דאָקומענט איז יאָ פֿאַראַן אַן אונטערשריפֿט, איז עס פֿון די גרויסע זאַכן, אַז די ען־קאַ־ווע־דע זאָל אַזאַ אונטערשריפֿט באַקומען? און אַזוי האָט אַלץ, וואָס סעסיל בערנשטיין זאָגט אין אירע בריוו און בערנשטיין שרײַבט אין זײַנע בריוו, קיין שום באַטײַט ניט. ״מענטש – קלינגט שטאָלץ״ חזרט מען איבער אָן אַן אויפֿהער אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד די ווערטער פֿון מאַקסים גאָרקי, אָבער דאָס לעצטע וואָרט האָט די ען־קאַ־ווע־דע!

בעת מײַנע רײַזעס איז מיר ניט איין מאָל אויסגעקומען זיך צו פֿאַרהאַלטן אויף דער סאָוועטישער ערד. כ׳האָב שטאַרק געוואָלט זיך טרעפֿן מיט אימעקן. אַזעלכע באַגעגענישן געהערן אָבער ניט צו די געוויינהייטן אין דאָזיקן לאַנד, און פֿון מײַן ווונטש איז גאָרניט אַרויסגעקומען. ס׳איז קיין רייד ניט געווען כ׳זאָל זוכן אימעקן אין קורגאַן.

איין מאָל, נאָך פֿופֿצן יאָר, האָט מיר די פּאָסט אין איין צײַט געבראַכט בריוו פֿון אימעקן און פֿון סעסיל. סעסיל האָט אַלץ געוואַרט אויף ידיעות פֿון אימעקן... כ׳האָב זיך ניט געפֿילט בכּוח צו דערציילן אימעקן וואָס סעסיל שרײַבט און אַוודאי ניט צו דערציילן סעסילן וואָס אימעק שרײַבט. כ׳האָב אויפֿגעהערט שרײַבן צו ביידן.

יאָרן זענען געגאַנגען, יאָרן זענען פֿאַרבײַ. איך צווייפֿל ניט, אַז סעסיל האָט אַלץ געטאָן, כּדי צו געבן איר זון אַ גוטע דערציִונג. ווי אַן איינזאַמער פֿרוי איז עס איר זיכער ניט לײַכט אָנגעקומען.

זשאָרזש איז שוין הײַנט אַ דערוואַקסענער מענטש. איז ער נאָך מיט

זײַן מוטער אין פֿראַנקרײַך? ערגעץ אַנדערש ווו, אין דער וועלט? ווו איז אימעק? ווו איז סעסיל? ווו איז זשאָרזש? זיצט ער איצט ערגעץ מיט אַ פֿרײַנד, ווי אימעק איז אַ מאָל געזעסן מיט מיר אין סענט־אויזשען, און צי הייבט ער ניט אָן זײַן שמועס מיט דעם, אַז זײַן פֿאָטער האָט וועגן אים פֿאַרגעסן, בלויז די מוטער האָט אַלץ געטאָן צו געבן אים בילדונג, צו העלפֿן אים אויף זײַן לעבנסוועג?

כ'האָב געטראַכט און געטראַכט און נאָך לאַנגע יאָרן ווידער אָנגעשריבן אויפֿן איינציקן אַדרעס, וואָס איז מיר געבליבן – צו אימעקן, אין קורגאַן. איך בין שוין דעמאָלט געווען צוריק אין וואַרשע און געווען זייער צופֿרידן, ווען כ'האָב דערזען אַ בריוו פֿון אים. פֿון סעסיל איז ניט געווען וואָס צו דערוואַרטן. שוין לאַנג ווי אַלזשיריע איז געוואָרן אַ מוסולמענישע מדינה און האָט אָנגעהויבן אירע ערשטע טריט מיט "דערלויבן" די אַלזשירער ייִדן צו פֿאַרלאָזן דאָס לאַנד. זיי האָבן עס געטאָן מאַסנווײַז, טאָטאַל, אונטער דער שוץ פֿון פֿראַנקרײַך – די ייִדן זענען דאָך אויפֿן סמך פֿון קרעמיע־געזעץ געווען פֿראַנצייזישע בירגער! זענען סעסיל און זשאָרזש אויך אַוועק? וווהין? קיין פֿראַנקרײַך? קיין ישׂראל? גיי ווייס – כ'האָב ניט געהאַט בײַ וועמען צו פֿרעגן. גוט וואָס איך האָב באַקומען אַ בריוו פֿון אימעקן – ס'האָט זיך ווידער אײַנגעשטעלט אַ פֿאַרבינדונג.

דאָס מאָל איז דער בריוו געווען ניט פֿון זײַן ווינאָרט, קורגאַן, נאָר פֿון מאָסקווע. דאָס איז געווען אַ גרעסערער בריוו. במשך פֿון 14 יאָר האָט ער געשריבן בלויז פּאָסטקאַרטלעך. פֿאַר וואָס? ער האָט גוט געדענקט וואָס מען האָט אים געזאָגט גלײַך נאָכן איבערטרעטן די סאָוועטישע גרענעץ – ער זאָל פֿאַרגעסן וועגן זײַן משפּחה! "דאָס איז געווען דער גרעסטער קלאַפּ פֿאַר מיר" – שרײַבט ער. איצט, אין דער ריזיקער הויפּטשטאָט, וועט זיך זײַן בריוו אויסמישן מיט טויזנטער בריוו, וועט זײַן אַ בעסערע מעגלעכקייט צו פֿאַרווישן זײַן פֿאַרבינדונג מיט אויסלאַנד – אַ שרעקלעכע זינד אין סאָוועטן־פֿאַרבאַנד! ער איז געפֿאָרן אין שליחות (קאָמאַנדירונג) און וועט זײַן דאָ אַ פּאָר טעג – האָט ער אויסגענוצט די געלעגנהייט.

ער האָט זיך בלויז דערלויבט צו שרײַבן וועגן זײַן זון זשאָרזש, "וואָס מוז שוין איצט, נאָך 14 יאָר, זײַן אַ גרויסער בחור, און וועגן סעסיל, וועלכע

שרײַבט האַרץ־רײַסנדיקע בריוו". ער בעט מיך, אויב איך בין אין פֿאַרבינדונג מיט סעסיל, איר שרײַבן, "זי זאָל אַפֿילו ניט טראַכטן, אַז כ'האָב זי פֿאַרגעסן". ער דערמאָנט, אַז די באַדינגונגען דאָרט, ווו ער לעבט, זענען שווערע, ער שטעלט זיך ניט פֿאָר ווי סעסיל וואָלט עס אויסגעהאַלטן. ס'איז קײן רייד ניט געווען, אַז איך זאָל איר שרײַבן. כ'האָב ניט געהאַט איר אַדרעס.

אין זײַן שפּעטערדיקן בריוו צו מיר קײן וואַרשע, אין יאָר 1965, האָט אימעק מיר געגעבן צו פֿאַרשטײן, אַז ער וואָלט גערן געקומען צו מיר אויף אַ באַזוך. אָבער דאָ האָט זיך שוין אַרײַנגעמישט דער ביטער־ער גורל.

איך בין שוין געווען 5 יאָר אין לאַנד נאָכן קומען פֿון וויעטנאַם, ווו כ'האָב געהאַט אַ פֿאַראַנטוואָרטלעכן פּאָסטן. כ'האָב שוין פֿון לאַנג באַשלאָסן צו פֿאַרלאָזן פּוילן און פֿאָרן קײן ישׂראל. 5 יאָר איז געווען די צײַט, וועלכע איך האָב געדאַרפֿט אָפּוואַרטן, אַזאַ מין קאַראַנטין, כּדי איך זאָל קענען דערלאַנגען אַ ביטע אויף אַ דערלויבעניש. אַ געפּערלעכע זאַך מען זאָל מיר דערלויבן אַרויסצופֿאָרן פֿריִער – כ'קען נאָך אויפֿדעקן מלוכה־סודות!

כ'האָב אַזאַ ביטע דערלאַנגט – מען האָט מיר אָפּגעזאָגט. כ'האָב דערלאַנגט אַ צווייטע – מען האָט זי אויך אָפּגעוואָרפֿן. איצט בין איך געשטאַנען אין קאַמף צום דריטן מאָל פֿאַר אַזאַ דערלויבעניש. שיקן אין דעם מאָמענט אַן אײַנלאַדונג צו אימעקן האָט מיך געשטעלט אין אַ דעליקאַטער לאַגע. מײַן אײַנלאַדונג האָט געקענט שאַפֿן אַ געבענטשטן גרונט פֿאַר דער... ען־קאַ־װע־דע, זי זאָל אימעקן פֿאַרבינדן מיט אַ ציוניסט אין פּוילן, וואָס האַלט בײַם פֿאָרן קײן ישׂראל. ס'איז ניט געווען די ריכטיקע צײַט צו שיקן אַזאַ אײַנלאַדונג. אימעקס בריוו איז געבליבן אָן אַן ענטפֿער – צו מײַן גרויס באַדויערן!

די טויערן פֿון סטאַלינס גיהנום זענען געווען טײַוולאָניש פֿאַרשלאָסן.

פֿון ישׂראל האָב איך אַ פּאָר יאָר ניט געוואַגט צו אים צו שרײַבן. כ'האָב עס געטאָן שפּעטער – אים געשריבן פֿון קאַנאַדע. דער בריוו איז ניט צוריקגעקומען, אָבער קײן ענטפֿער האָב איך ניט באַקומען. צי האָט ער

שוין ניט געלעבט? כ׳האָב זיך ניט באַרויִקט, ווײַטער געשריבן. ס׳איז שוין געווען אין די זיבעציקער יאָרן, ווען סטאַלין און זײַן מלכות־הרשע האָט שוין לאַנג ניט עקסיסטירט, אָבער קיין ענטפֿער איז ניט געקומען. האָב איך געטראַכט, אַז אין די ווײַטע קאַנטן ווו אימעק איז געווען, האָט מען נאָך געצווייפֿלט אין דער סטאַבילקייט פֿון די נײַע ווינטן, וועלכע בלאָזן פֿון מאָסקווע, און מען וואַגט ניט צו שרײַבן. האָב איך ווײַטער געשריבן און געוואַרט – אפֿשר דאָך!

עס האָט ווידער געדויערט אַ לאַנגע צײַט – פֿאַקטן שאַפֿן זיך ניט אַליין, מען דאַרף זיי העלפֿן צו קומען אויף דער וועלט. גאַנץ שפּעט, אין סעפּטעמבער 1992, בעת אַ קורצן אויפֿהאַלט אין פּאַריז, האָט מיר אַ שלאָג געטאָן אַ געדאַנק אין קאָפּ: ס׳מוז דאָך זײַן אַ "געזעלשאַפֿט פֿון אַלזשירער יידן", פֿון די, וואָס זענען געקומען קיין פֿראַנקרײַך! יאָ, ס׳איז געווען. איז וואָס קען זײַן? כ׳וועל צו זיי שרײַבן, אָנפֿרעגן זיך וועגן ד״ר אימעק באָרנשטיינס פֿאַמיליע, וועגן סעסילס פֿאַמיליע – די בן־סימאָנס, און איך האָב געשריבן.

עס האָט ניט לאַנג געדויערט, און כ׳האָב באַקומען אַן ענטפֿער. דאָס האָט סעסילס פּלימעניק באַקומען מײַן בריוו און מיר גלײַך געענטפֿערט. דאָס איז געווען דער קליינער זשאַן לואי, וועלכן איך געדענק פֿון יענער צײַט, ווען ער האָט זיך נאָך געשפּילט אין גאָרטן אַרום בן־סימאָנס הויז. מיר האָבן אים גערופֿן זשאַן לוי, הײַנט – אַ דאָקטער־קאַרדיאָלאָג אין פּאַריז. ער האָט מיך גוט געדענקט און זיך געפֿרייט ווי מען פֿרייט זיך ווען מען טרעפֿט אומגעריכט אַ גוטן באַקאַנטן נאָך לאַנגע יאָרן – אין דעם פֿאַל זענען פֿאַרבײַ 45 יאָר! – אַן אַלטן באַקאַנטן, פֿון וועמען מען האָט באַקומען צוקערלעך און נאַשערײַען. צום בריוו זענען אויך געווען צוגעלייגט דאָקומענטן, פֿאָטאָגראַפֿיעס. און ווי זאָגט דאָס ענגלישע ווערטל: ווען עס רעגנט – גיסט עס! כ׳האָב אין דער זעלבער צײַט באַקומען אַ בריוו פֿון אימעקס רוסישער פֿרויס אייניקלעך, די קינדער פֿון איר זון אָלעג, פֿאַר וועלכן אימעק האָט מיך אַ מאָל געבעטן פּוילישע ספּאָרט־צײַטונגען. דעם זונס זון האָט שוין געהייסן אָלעג אָלעגאָוויטש, דאָס הייסט מיטן צוגאָב פֿון טאַטנס נאָמען. עס האָט אויך זייער סימפּאַטיש געשריבן זײַן פֿרוי אַלאַ. ער איז 26 יאָר אַלט אַן

אַבסאָלווענט פֿון מעדיציניִשן אינסטיטוט און אַרבעט ווי אַ פּסיכיאַטער, זי איז אַ דאָקטערין אין רויטן קרייץ. זיי האָבן צוויי קינדער, אַ טאָכטער פֿון 6 יאָר און אַ זון פֿון 4 יאָר.

איך האָב קיין מאָל ניט אויפֿגעגעבן מײַן פֿרײַנדשאַפֿט מיט אימעקן, כ'האָב געהיט יעדער בריוו פֿון אים און פֿון סעסיל. איצט זענען צוגעקומען די בריוו פֿון די אייניקלעך – זיי ווילן העלפֿן פֿאַרפֿילן דאָס בילד.

די קינדער, אָלעג און אַלאַ, שרײַבן, אַז אימעק האָט אָפֿט גערעדט וועגן די ערשטע שווערע טעג, אָבער ניט קלאָר אין וועלכן זין, ווו? זיי ווייסן בלויז, אַז ער איז געשיקט געוואָרן קיין לוואָוו, ווו ער איז באַשטימט געוואָרן ווי דער פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר דער ביאָכעמישער אָפּטיילונג אין איינעם פֿון די שפּיטעלער.

אין יאָר 1948 האָט ער זיך באַקענט מיט דער דאָקטערין גאַמילאַ ניקאָלײַעוונאַ זאָרינאַ. זי האָט געהאַט אַ זון פֿון איר ערשטן מאַן וועלכער איז געפֿאַלן אין קריג. ווי עס זאָגן די קינדער, זענען אימעק און גאַמילאַ געווען צוזאַמען 43 יאָר.

אין די ערשטע שווערע טעג האָט אימעק זיך באַמיט צו פֿאָרן קיין פּוילן, אָבער אָן שום רעזולטאַט.

אין 1952 איז אימעק אַריבערגעפֿאָרן קיין קורגאַן, לויט זײַן אייגענער ביטע. די קינדער שרײַבן, אַז די באָבע האָט געוואָלט אַהין אַריבערפֿאָרן, זי איז געווען פֿון יענער געגנט. גיי ווייס, אויב עס איז ניט געווען צוליב אימעקס ביטע אַרויסצופֿאָרן קיין פּוילן, און די ען־קאַ־וועדע האָט געהאַלטן פֿאַר "פּאַסיקער" צו שיקן אים "אַ ביסל ווײַטער..."

אין קורגאַן, ווי אָלעג שרײַבט, איז אימעק באַשטימט געוואָרן ווי דער שטעל – פֿאַרטרעטער פֿון פֿאַראַנטוואָרטלעכן פֿאַר געזונטהייט־ענינים פֿון קורגאַנער ראַיאָן. אין די פֿופֿציקער־זעכציקער יאָרן איז ער שוין געווען דער הויפּט־פֿאַראַנטוואָרטלעכער פֿאַר דער דאָזיקער דינסט אין גאַנצן ראַיאָן. מען האָט אים געבעטן אַריבערגיין אַרבעטן אין געזונטהייט־מיניסטעריום, אָבער אימעק האָט געזאָגט – ניין! ער האָט געוווּסט פֿונעם כּלל: "העכער דער פּאָסטן – ווײַטער פֿליט דער קאָפּ"...

אין יאָר 1963 האָט מען געפֿײַערט אימעקס אַרויסגיין דאַרף אַרויסגיין

אויף פּענסיע. אָבער אימעק האָט געאַרבעט ווײַטער אויף זײַן פּאָסטן ביזן יאָר 1986.

אין יאָר 1958 האָט ער צעבראָכן אַ היפּט. ער איז גיך געזונט געוואָרן, נאָר פֿון דעמאָלט אָן איז ער געגאַנגען מיט אַ שטעקן. אין 1977 האָט ער געהאַט זײַן ערשטע האַרץ-אַטאַקע, אָבער ער איז שנעל געקומען צו זיך און ווײַטער געאַרבעט. אויף מײַן פֿראַגע, וואָס איז ער געווען פֿאַר אַ מענטש? האָבן בײדע קינדער אונטערגעשטראָכן, אַז ער איז געווען זײער אַ ליבער מענטש. אָלעג ווײסט צו דערצײלן, אַז דער "דיעדושקאַ" האָט זיך מיט אים פֿאַרנומען פֿון דער צײַט ווען ער, אָלעג, איז געווען אין די ווינדלעך. ער דאַנקט מיר וואָס כ׳האָב זיך אַזוי מיטן זײדן אינטערעסירט – ער האָט עס כּשר פֿאַרדינט! אַלע מײַנע בריוו צו אים ליגן אויף אַ באַזונדערן אָרט אויפֿן טיש. יאָ, אַלע מײַנע בריוו זענען דאָ! ער האָט זיך מיט זײ געפֿרײט ווי מיט אַ קינד.

– ער איז געווען זײער אינטעליגענט, אַן ערודיט, – ציט ווײַטער אַלאַ דעם שמועס. – ער האָט גערעדט אָפֿט וועגן די דרײַסיקער יאָרן – די יאָרן פֿון שפּאַנישן קריג. ער האָט ניט מורא געהאַט פֿאַר דער אינפֿלאַציע. "כ׳האָב איבערגעלעבט צוויי אינפֿלאַציעס, – האָט ער געזאָגט, – וועל איך די דריטע אויך איבערלעבן..." ער האָט געהאַט אַ סך פֿרײַנד, ליב געהאַט צו שמועסן מיט מענטשן, באַזונדערס מיט פֿרויען... ווען כ׳האָב אים געוויזן אויף די בריוו און געפֿרעגט פֿאַר וואָס ער ענטפֿערט ניט, האָט ער געשמײכלט און געשוויגן.

אין מײַן ענטפֿער צו אַלאַן האָב איך איר לײַכטער געמאַכט די זאַך: "דאָס האָט ער געשמייכלט צו דיר, ווי דו האָסט מיר געזאָגט, האָט ער שטענדיק געשמייכלט צו שיינע פֿרויען". אַזוי האָב איך פֿאַרדעקט דעם ענין מיט אַ קאָמפּלימענט פֿון ווײַטן. וועגן שווײַגן האָב איך איר גאָרניט געזאָגט, גײ, דערצײל אַ יונגעטשקער פֿרוי, וואָס איז געבוירן און דערצויגן אונטער דער סאָוועטישער השגחה, פֿאַר וואָס ס׳איז בעסער געווען פֿאַר אימעקן צו שווײַגן...

אין יאָר 1986 האָט ער געהאַט די צווייטע האַרץ־אַטאַקע – ער איז געווען זײער אַ שווערער. אימעק איז געבליבן אַ לענגערע צײַט אין

שפּיטאָל. ווען ער איז געקומען אַהיים איז ער שוין צו דער אַרבעט מער ניט געגאַנגען. ער האָט אַ סך געלייענט, איז זייער זעלטן אַרויסגעגאַנגען.

אין יאָר 1991 האָט זײַן פֿרוי גאַמילאַ ניקאָלײַעווּנאַ זאָרינאַ געהאַט אַ בלוטאויסגוס אין מוח און איז געשטאָרבן דעם 7טן יאַנואַר 1991.

איר טויט, שרײַבן די קינדער, האָט שטאַרק געווירקט אויף אימעקן – ער האָט זיך געפֿילט זייער איינזאַם. ער האָט געהאַט נאָר איין ווונטש – שטאַרבן אָן לײַדן, בײַ זײַן שרײַבטיש. קיין אַנדערן ווונטש האָט שוין אימעק ניט געהאַט, ניט געווען מער קיין האָפֿענונג דערפֿאַר. אַזוי איז ער אין עלטער פֿון 88 יאָר געשטאָרבן דעם 19טן יאַנואַר 1992 – אַ יאָר נאָך זײַן פֿרויס טויט.

אַזוי האָט פֿאַרענדיקט זײַן לעבן מײַן טײַערער חבֿר אימעק, וואָס האָט אויסגעקליבן דעם גלײַכן וועג, וועלכער איז אַזוי מיאוס פֿאַרקרימט געוואָרן.

ער האָט דערנאָך אַלץ געטאָן זיך צו דערהאַלטן אויף דער אויבערפֿלאַך. די פֿרוי גאַמילאַ ניקאָלײַעווּנאַ זאָרין, האָבנדיק פֿאַרלוירן יונגערהייט איר מאַן, האָט זיך נאָך איר אומגליק געטראָפֿן און פֿאַראייניקט מיט אימעקן. זיי האָבן ביידע געקעמפֿט מיטן אומברחמנותדיקן לעבנס־גורל. זיי האָבן ווירדיק און מוטיק געקעמפֿט צוזאַמען 43 יאָר, ווי די גרויזאַמע ווירקלעכקייט האָט עס נאָר דערלויבט, ביזן סוף פֿון זייער לעבן. און וואָס איז געשען מיט סעסילן און זשאָרזשן? פֿון זשאַן לואיס בריוו ווייס איך, אַז סעסיל און זשאָרזש זענען אַזוי ווי די גאַנצע משפּחה, אַריבערגעפֿאָרן קיין פּאַריז. זשאָרזש האָט געענדיקט זײַנע מעדיצינישע לימודים, געמאַכט זײַן דאָקטאָראַט, אָבער ניט געהאַט קיין מזל. ער איז אומגעקומען בעת אַן אויטאָ־קאַטאַסטראָפֿע אויף די וועגן פֿון פֿראַנקרײַך אין יאָר 1974. די אָרעמע סעסיל האָט נאָך געמוזט איבערלעבן דאָס דאָזיקע אומגליק אויך. זי איז געשטאָרבן אין יאָר 1987, דרײַצן יאָר שפּעטער, מיט איר טאָפּלטן ווייטיק אין האַרצן.

צו די 15 מיליאָן קרבנות, וועלכע סטאַלין האָט אומגעבראַכט, קען מען צוגעבן אויך די דרײַ: אימעק, סעסיל און זשאָרזש.

ניין, אימעק האָט סעסילען ניט פֿאַרגעסן, סעסיל האָט געטאָן איר אַרבעט ביזן סוף. זשאָרזש דערציילט ניט מער גאָרניט.

## אין דער פֿראַנצייזישער אַרמיי

איך בין שוין אין בלידאַ, אין דער באַזע פֿון דער פֿראַנצייזישער אַרמיי, וואָס עפּעס מיט אַ מאָל? אין מעכטיקן פֿראָנט פֿון די אַלייִרטע כּוחות, פֿון די אַמעריקאַנער, ענגלענדער און אַנדערע, האָב איך עס גראָד אויסגעפּעלט? נאָר רויִק, הערט זיך צו מיט קאָפּ. דאָס איז ניט אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל. גייט זיך אַ מענטש רעגולער, טאָג־איַין טאָג־אויס, צו דער אַרבעט. האָט עס אַוודאי פֿאַראינטערעסירט געוויסע אַדמיניסטראַטיווע אינסטאַנצן: ווער איז ער? וואָס טוט ער? און זיי האָבן געזוכט. און אַז מען זוכט, געפֿינט מען. זיי האָבן אַרייַנגעקוקט אין אינדעקס און געפֿונען, אַז כ'בין פֿון פּוילן, באַפֿרייַט פֿון קאָנצענטראַציע־לאַגער אין דזשעלפֿאַ און אַרבעט אין דער אַדמיניסטראַציע פֿון די בריטישע ים־כּוחות. סתּם אַזוי זיך? ניט מאָביליזירט? גאָרניט? האָבן זיי ניט לאַנג געטראַכט און מיר געשיקט אַ צעטל, אַז דעם און דעם טאָג דאַרף איך זיך שטעלן ווי אַ מאָביליזירטער אין דער מיליטערישער באַזע אין בלידאַ.

זיי זענען געווען גערעכט. לויטן געזעץ דאַרף יעדער בירגער פֿון אַ מדינה, וועלכע גייט אַרייַן אין בלאָק פֿון די אַלייִרטע כּוחות, מאָביליזירט ווערן אין לאַנד ווו ער געפֿינט זיך. יאָ, ס'איז פֿאַראַן אַזאַ געזעץ! און דאָ גייט זיך אַרום אַ מענטש פֿרייַ, ניט מאָביליזירט?! האָט מען מיך מאָביליזירט און, איינס און צוויי, געשיקט אַ צעטל כ'זאָל זיך צושטעלן אין געהעריקן מיליטערישן פּונקט.

און איך בין געגאַנגען – געזעץ איז געזעץ! אָבער אין פֿלוג גענומען האָט

דאָ עפּעס ניט געשטימט. די פּוילישע צווישן־מלחמהדיקע רעגירונג האָט געהאַלטן, אַז כ׳בין באַגאַנגען אַ פֿאַרברעכן: כ׳האָב זיך אַנגאַזשירט פֿרײַוויליק אין דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע, וואָס איז אַ טייל פֿון אַ פֿרעמדער, שפּאַנישער רעפּובליקאַנער אַרמיי אין קאַמף קעגן היטלעריזם און פֿאַשיזם. כ׳בין דעמאָלט געווען ווײַט פֿון פּוילן, מען האָט מיך ניט געקענט באַשטראָפֿן, אָבער איין זאַך האָט די דעמאָלטיקע רעגירונג יאָ געקענט טאָן – צונעמען פֿון מיר די פּוילישע בירגערשאַפֿט. און זי האָט עס געטאָן. ווען כ׳האָב מיט אַ פּאָר וואָכן צוריק אין אַלזשיר, אין פּוילישן קאָנסולאַט, געוואָלט אין אָרדענונג ברענגען מײַן ענין, האָט מען מיר גלײַך געזאָגט, אַז כ׳בין ניט קיין פּוילישער בירגער... און דאָ בין איך מאָביליזירט געוואָרן ווי אַ פּוילישער בירגער און געשיקט אין אַן איינהייט פֿון דער פֿראַנצייזישער אַרמיי, וואָס געפֿינט זיך אין דער גאַרניזאָן־שטאָט בלידאָ, וואָס דאַרף איך טאָן?

פֿאַקטיש, אויב כ׳בין ניט קיין פּוילישער בירגער, אָן די רעכט פֿון אַזאַ בירגער, וואָס פֿאַר אַ התחייבֿותן זענען חל אויף מיר? פֿון דער צווייטער זײַט: ס׳איז אַ מלחמה קעגן היטלעריזם, פֿאַשיזם, מען רופֿט מיך צום קאַמף, וועל איך ניט גיין? ניט גיין – איז קיין פֿראַגע ניט, אָבער ווי וועט זײַן מיט מײַן אַרבעט? כ׳האָב דערציילט דעם קאַפּיטאַן אַלען וועגן מײַן מאָביליזאַציע – זאָל ער וועגן דעם זאָרגן.

כ׳בין אַוועקגעפֿאָרן קיין בלידאָ. קיין באַנבילעט האָב איך ניט געדאַרפֿט – מײַן מאָביליזיר־צעטל האָט באַרעכטיקט מײַן רײַזע אומזיסט, כ׳האָב עס בלויז אָפּגעשטעמפּלט. כ׳בין אָנגעקומען אויף אַ רויִקן וואָקזאַל און אָן קאָמפּליקאַציעס אַרײַן אין מײַן באַזע. כ׳האָב מיר געטראַכט, אַז קוים בין איך שוין אין דער באַזע, וועט מען מיך שוין נעמען אין די הענט: געבן אַ מונדיר, מושטירן, נו, מאַכן פֿאַר אַ לײַט.

איינער, וועלכער וואָלט ניט געקענט דעם פֿראַנצייזישן "זשע מ׳אַן פֿו" וואָלט פֿון דער ערשטער מינוט געשטאַנען אין אַ פֿאַרלעגנהייט. מיר איז ניט שווער געווען זיך צוצופּאַסן צום פֿראַנצייזישן "סאַוואַר וויוור", כ׳בין אַרײַן מיט מײַנע ליידיקע הענט אין ביוראָ און אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש מײַן מאָביליזיר־צעטל. דער אָפֿיציר האָט אַפֿילו ניט אַ קוק געטאָן אויף מיר. פֿון

אונטער דער גאָמבע האָט ער געהייסן מיר דערלאַנגען צוויי קאָצן און געזאָגט אין וועלכן באַראַק כ׳זאָל גיין און מאָרגן אַ זייגער צען זיך שטעלן צו דער מעדיצינישער קאָמיסיע. ער האָט מיך גאָרניט געפֿרעגט, איך האָב אים גאָרניט געפֿרעגט. וואָס קען דאָ זײַן? כ׳בין אַוועק אין אָנגעוויזענעם באַראַק.

אין באַראַק זענען געווען עטלעכע סאָלדאַטן, רעקרוטן, און איך בין פּאַר זיי געווען נאָך איינער. זיי האָבן מיר געזאָגט ווען מען טיילט אויס דעם פֿרישטיק, דעם מיטאָג, דעם אָוונטברויט. ווײַטער איז ניט געווען וואָס צו זאָגן, וואָס צו פֿרעגן. כ׳האָב אויך ניט געוואָלט פֿרעגן – כ׳וועל שוין זען. זיי זענען געזעסן אויף זייערע ערטער, אַנדערע האָבן אויף אַ בעט געשפּילט אין קאָרטן – אַ בעלאָט, אָדער געשמועסט.

קיין מאָרגן־אַפּעל איז ניט געווען, ניט צום מיטאָג, ניט צום אָוונטברויט. ווי גייט עס צו? כ׳וועל שוין זען, טאָן ווי אַלע אַנדערע.

אַרום צען אַ זייגער בין איך אַרויס פֿון באַראַק פֿרעגן ווו עס אַמטירט די מעדיצינישע קאָמיסיע. עס זענען שוין דאָרט געווען אַ דרײַסיק חבֿרה־לײַט. די קאָמיסיע האָט אָנגעהויבן איר אַרבעט צו דער צײַט. אויסגערופֿן אַ נאָמען, דעם אַרויסגערופֿענעם געלאָזט דורכן רענטגען־אַפּאַראַט און גלײַך גערופֿן אַ צווייטן. ס׳איז געגאַנגען זייער שנעל. אַ סך נעמען פֿון די אַרויסגערופֿענע זענען געווען אַראַבישע – אפֿשר דערפֿאַר ווערן זיי אַזוי גיך אָפּגעפּאַרטיקט? ווען ס׳איז געקומען מײַן ריי, און איך בין אַרײַן, האָב איך מיט אַ שמייכל באַמערקט:

– ס׳גייט בײַ אײַך זייער שנעל.

– ווען איך זע, אַז ס׳איז אין אָרדענונג, האָב איך ניט קיין סיבה צו פֿאַרהאַלטן, אַ קליינער צייכן בײַם נאָמען איז גענוג, – האָב איך דערהערט אַן ענטפֿער.

מײַן חשד וועגן ביטול צו די אַראַבישע רעקרוטן איז צו נישט געוואָרן. איך האָב אויך באַקומען אַ קליינעם צייכן.

כ׳בין צוריק אַרײַן אין מײַן באַראַק, גענומען פּאַמעלעך עפּעס טאָן, באַטראַכט מײַן בעט צי עס איז גענוג ריין. כ׳האָב עס באַדעקט גוט מיט די קאָצן, וועלכע כ׳האָב באַקומען, געקוקט, געמאַכט ווי אַלע בעטן. אַלץ האָט

מיר אויסגעזען אין אָרדענונג. כ׳האָב געמומען קוקן אויפֿן אַרום, געזוכט אַ פּנים, וואָס זאָל זאָגן ״קום, מיר וועלן אַ שמועס טאָן״. פֿון אַ נאָענט בעט האָט אַ מידער פֿראַנצויז אַ קנייטש געטאָן מיטן אויג – ס׳האָט זיך איינגעשטעלט אַ קאָנטאַקט. כ׳האָב זיך פֿאַרצייכנט זײַן וווּנק און ווײַטער געמאַכט אָרדענונג אַרום מײַן בעט. כ׳בין שוין כּמעט געווען בײַם סוף פֿון מײַן אַרבעט, ווען ס׳איז אַרײַנגעקומען ווער פֿון דער קאָמאַנדע און געגאַנגען גלײַך אויף מיר.

– סאַ וואַ? (אין אָרדענונג?) – האָט ער אַ פֿרעג געטאָן.

איך האָב אַ נייג געטאָן מיטן קאָפּ און צוגעלייגט מײַן ״אין אָרדענונג״, ניט סאַלוטירנדיק. איך בין דאָך געשטאַנען פֿון קאָפּ ביז די פּיס אין ציווילע קליידער. ער האָט מײַן ענטפֿער געהערט צי ניט געהערט, ער האָט באַקוקט די אַרומיקע סאָלדאַטן, וועלכע האָבן ניט איבערגעריסן זייער שפּיל און שמועס.

כ׳האָב אַ קוק געטאָן אויף מײַן שכן, וואָס האָט מיר ניט לאַנג צוריק געמאַכט אַ צייכן. ער איז געלעגן אויף זײַן בעט. כ׳האָב אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ.

– מיר גייען?

ער איז אַראָפּ פֿון בעט און שוין צוזאַמען מיט מיר געגאַנגען אין דער ריכטונג צו דער טיר. אין דרויסן האָב איך אַרויפֿגעלייגט מײַן האַנט אויף זײַן אַקסל – אַ מין ברייטערע עפּענונג צום שמועס אויף ד׳ער טעמע: ״ווער בין איך?״ ניין, ס׳איז ניט געווען דאָס, וואָס איך וואָלט געוואָלט, אָבער געבענטשט זאָל זײַן די שול פֿון לעבן, וואָס האָט מיך געלערנט רויִק, געדולדיק אויסהערן וואָס דער צווייטער האָט צו זאָגן.

כ׳האָב אָנגעהויבן דעם שמועס פֿרעגנדיק, ווי מען זאָגט עס אין אַראַביש, ״דוגרי״ – אָן דריידלעך.

– וואָס טוסטו דאָ?

די פֿראַגע האָב איך געשטעלט אַ יונגן מענטשן, אַ פֿראַנצויז אַרום די דרײַסיקער, וואָס איז אין פֿולער קראַפֿט און פּטרט ערגעץ אין אַ פֿאַרוואָר־פֿענער באַזע זײַן צײַט אויף גאַרניט, ווען אַרום גייט אָן אַ בלוטיקער קריג.

– קענסט מיר זאָגן אָפֿן, כ׳בין ניט געקומען דיך אויספֿאָרשן.

– איך בין געווען אַ פּעטעניסט, אַ מיליציאָנער פֿון נאַציאָנאַלן לעגיאָן.
– מען האָט דיך פֿאַרהאַלטן? אַרעסטירט?
– ניין, גלײַך נאָך דער לאַנדונג האָב איך זיך געמאָלדן אין דער אַרמיי.
זיי האָבן אַרײַנגעקוקט אין מײַנע דאָקומענטן, מיך גלײַך געפֿונען אין דער רשימה פֿון די מיליציאָנערן און פֿאַרהאַלטן, כּדי די זאַך אויפֿצוקלערן, פֿאָרשן מײַנע אַקטן צי זיי זענען ריין. און דו, ווי ביסטו אַהערגעקומען?
– איך בין דאָ, ווײַל די ווישי־רעגירונג, פּעטענס רעגירונג, האָט מיך אַהער דעפּאָרטירט
– אַהאַ, איצט ביסטו פֿרײַ, די ווישי־רעגירונג האָט דיר געגעבן די פֿרײַהייט.
– ניין, די ווישי־רעגירונג איז ניט געווען אַזוי גוט. פּעטען האָט געשטעלט אויף דײַטשלאַנדס זיג און זיך געזען ווי דעם הערשער פֿון פֿראַנקרײַך אונטער היטלערס חסד. אָבער ער האָט זיך פֿאַררעכנט.
– אָבער דו ביסט פֿרײַ.
– ניין, אין זײַן קראַנקן חלום האָט פּעטען געזען ראָמעלס אַפֿריקע־קאָרפּוס, וואָס וועט אָפּרייניקן דעם ברעג פֿון צפֿון־אַפֿריקע, אָנהייבנדיק פֿון מצרים, דורך ליביע, טוניס קומען קיין אַלזשיריע, און דעמאָלט וואָלטן מיר געשיקט געוואָרן קיין אוישוויץ און פּטור. אויפֿן וועג צו די דאָזיקע קראַנקע חלומות איז געווען על־אַלאַמיין, מאָנטגאָמעריס אַכטע אַרמיי, וועלכע האָט צעקלאַפּט פּעטענס ווילסטע חלומות.
ניין, ניט פּעטען, ניט די ווישי־רעגירונג האָט אונדז באַפֿרײַט, דאָס האָבן אונדז די אַמעריקאַנער, ענגלענדער באַפֿרײַט. די ווישי־רעגירונג האָט אונדז געשיקט הונדערטער קילאָמעטערס טיף אין סאַהאַראַ ניט צו באַפֿרײַען...
– אָבער...
– ניין, ניטאָ קיין אָבער. אין קאַמף צווישן צוויי פּאָליטישע, מיליטערישע כּוחות האָט פּעטען, צו פֿראַנקרײַכס חרפּה, ניט אויסגעקליבן דעם ריכטיקן צד. דער אויסוואַל איז ניט שטענדיק אַ לײַכטער, אָבער די פֿאַראַנטוואָרטלעכקייט איז אַ שווערע.
שמועסנדיק זענען מיר צוגעקומען צו אַ רונדן סקווער. הינטן, פֿון ווײַטן

האָט זיך געמערקט דער טויער פֿון אונדזער באַזע. מיר האָבן זיך צוגעזעצט אויף אַ באַנק אין שאָטן פֿון אַ מאַגנאָליע. דיביימער האָבן מיט זייערע קרוינען – לילע, ווײַסע ברוינען אַרומגענומען דעם סקווער. מיר זענען געזעסן און געשמועסט פֿרײַ. פֿאַקטיש בין איך געווען פֿרײַ, ווי מײַן מיטשמועסער האָט זיך געפֿילט ווייס איך ניט. כ'האָב זיך ניט געוואָלט פֿאָרפֿלען אין זײַן געוויסן. ער איז שוין דאָ געווען אַ לענגערע צײַט, האָב איך געוואָלט הערן פֿון אים וועגן לעבן אין דער באַזע, ווו מיר זענען איצט.

דאָס איז ניט געווען קיין געשלאָסענער לאַגער. דאָס לעבן איז געווען רעגולירט נאָר מיט דעם, אַז מען האָט דרײַ מאָל אין טאָג געגעסן. קיין דינסטלעכע פֿליכטן זענען ניט געווען. אַ פּאָר יונגע־לײַט האָסטו געזען פֿון צײַט צו צײַט מיט אַ בעזעם, לאָפּעטע, וועגעלע צו רייניקן דעם ראַיאָן – זיי האָבן אויסגעזען צו זײַן באַשטימט פֿון לאַנג. פֿון מיליטערישע איבונגען האָסטו ניט געהערט, מושטירטע איינהייטן, וועלכע איבן זיך אויפֿן הויף אָדער גייען אַרויס אין פֿעלד האָסטו ניט געזען. פֿון צײַט צו צײַט איז די לופֿט אויסגעפֿילט געוואָרן מיט אַ נאָמען אָדער אַ פּאָר נעמען, און דערנאָך האָסטו געזען מענטשן, וועלכע גייען אין דער ריכטונג פֿון ביוראָ.

זענען זיי ערגעץ אַוועקגעשיקט געוואָרן? כ'האָב ניט געוואָלט פֿרעגן – ס'איז אַ מיליטערישע באַזע, דאָס וואָס האָט אַ שײַכות צו מיר, וועט מען מיר שוין צו וויסן געבן.

צום סוף־וואָך בין איך אַרײַן אין ביוראָ און געפֿרעגט צי ס'זענען דאָ פֿאַר מיר וועלכע עס איז אָנווײַזונגען. איך בין איבערגעשיקט געוואָרן צו אַן אָפֿיציר וואָס איז געזעסן ווײַטער, אין הינטערגרונט. כ'האָב געזאָגט מײַן נאָמען. איך בין נאָך אַלץ געווען אין ציווילע בגדים, איז אויף מיר קיין "אַבטונג" און קלאַפּן מיט די קנאַפּל ניט חל געווען. ער האָט מיך גלײַך אָפּגעזוכט אויף דער ליסטע, אַ קוק געטאָן אויף מיר און קורץ אַ זאָג געטאָן: "ניין, גאָרניט", – און דערנאָך, ווי גלײַכצושטעלן, אַ פֿרעג געטאָן:

– איר זענט פֿון אַן ענגלישער איינהייט?

כ'האָב לײַכט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ. ער האָט ווײַטער געצויגן:

– אײַער פֿראַגע ווערט אויפֿגעקלערט צווישן דער פֿראַנצייזישער און ענגלישע קאָמאַנדע.

איך בין שוין געווען אַ וואָך צײַט אין דער באַזע און געזען ווי מײַנע טעג גייען פֿאַרבײַ אָן שום פֿונקציע, אָן אַרבעט, האָב איך געפֿרעגט:

– ס'קומט דער זונטיק, קען איך באַקומען אַ דערלויבעניש אויף אַ באַזוך אין דער היים?

– יאָ, איר קענט באַקומען אורלויב אויף שבת און זונטיק. מאָנטיק אין דער פֿרי דאַרפֿט איר זיך שטעלן צוריק אין דער באַזע.

כּדאַי געווען אַרײַנצוגיין אין ביוראָ אַ פֿרעג טאָן. כ'בין געוווּיר געוואָרן, אַז מײַן ענין ווערט באַהאַנדלט אין די געהעריקע אינסטאַנצן. דאָס הייסט אַז די ענגלענדער לאָזן מיך ניט אַרויס פֿון זייערע הענט.

שבת אין דער פֿרי בין איך מיט מײַן אורלויב־צעטל אַרײַן אין צוג אָן אַ בילעט און אַוועקגעפֿאָרן קיין אַלזשיר – אַהיים.

מײַן זײַן אין דער מיליטערישער באַזע איז ניט געווען פֿאַרבונדן מיט שטרענגע פֿאַראָרדענונגען. דער קאָלאָניאַלער מיליטערישער רעזשים אין אַלזשיריע, וואָס האָט זיך געשטאַרקט אין משך פֿון די 130 יאָר, איז אין די לעצטע יאָרן אָפּגעשיידט פֿון דער מעטראָפּאָליע, אונטער דער ווישי־רעגירונג געבליבן ווי אַ שאָטן.

עס איז געבליבן די זשאַנדאַרמעריע און אַנדערע דינסטן, וועלכע זענען נויטיק צו האַלטן אין די הענט די אַלזשירער אַראַבישע באַפֿעל־קערונג. אַחוץ גרויסע נעמען פֿון געוויסע גענעראַלן, פֿאַראַנטוואָרטלעכע פֿאַר באַזונדערע ראַיאָנען, האָט מען פֿון דער פֿראַנצייזישער אַרמיי ניט געהערט. עס האָט קיין רייד ניט געקענט זײַן וועגן מאָביליזירן איינהייטן פֿאַר אַן אַרמיי, וואָס איז געלעגן אַ געשלאָגענע אונטער די פֿיס פֿון נאַצישן אָקופּאַנט. זענען אויך די מיליטערישע באַזעס פּאַקטיש געבליבן אָן קיין שום אינהאַלט.

ערשט אין יאָר 1943, כּמעט אַ יאָר נאָך דער לאַנדונג פֿון די אַלייִרטע כּוחות, האָבן זיך געמערקט שפּראָצונגען פֿון אַ באַנײַטער פֿראַנצייזישער אַרמיי, אויסער די עקסיסטירנדיקע איינהייטן פֿון די גענעראַלן קעניג, לעקלערק א"אַ, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון דע־גאָלן.

די זין פֿון מײַנע באַקאַנטע, יונגע חבֿרה, דערוואַרעמטע פֿון דע־גאָלס אויפֿרוף צום קאַמף, האָבן זיך אַריבערגעגנבֿעט קיין טוניס און דאָרט זיך

מאָביליזירט אין די אויפֿקומענדיקע פֿראַנצייזישע איינהייטן. מײַן באַזע אין בלידאַ איז געווען איינער פֿון די מינים פֿון דער נאָר וואָס אויפֿלעבנדיקער פֿראַנצייזישער אַרמיי. איך האָב פֿאַרשטאַנען איר מהות און באַטײַט און ניט דערוואַרט פֿון איר קיין דיסציפּלין און מושטיר. כ׳בין אַהין געפֿאָרן אין ציווילע קליידער און געקומען אַהיים אין ציווילע קליידער. גוט וואָס עס איז שוין געווען אַ פֿראַנצייזישע מיליטערישע קאָמאַנדע, וועלכע האָט איצט צוזאַמען מיט דער ענגלישער גענעראַלשטאַב באַשטימען מײַן צוגעהעריקייט: אָדער צו דער פֿראַנצייזישער אַרמיי, ווײַל איך לעב אונטער דער פֿראַנצייזישער סוווערעניטעט, אָדער צו דער ענגלישער, ווײַל איך בין אַנגאַזשירט אין אירער אַן איינהייט.

כ׳בין געקומען אַהיים זיך גוט אָפּפֿרישן, זען מײַנע באַקאַנטע. כ׳האָב ניט געהאַט קיין מיליטערישע איבערלעבענישן צו דערציילן – כ׳בין נאָך געווען ניט קיין צוגעטיילטער. דאָס האָט קיינעם ניט גערירט – מיך אויך ניט. איך האָב געטראַכט: וואָס קען דאָ געשען? כ׳וועל וואַרטן און זען.

דעם זעלבן אָוונט בין איך אַוועק צו נינעט. ס׳איז געווען האַרציק און וואַרעם. כ׳האָב איר געמוזט דערציילן דעם מי־יודע־מה, וואָס כ׳האָב איבערגעלעבט, ענטפֿערן אויף נאָך אַ פֿראַגע, און נאָך אַ פֿראַגע. כ׳האָב געהערט די לעצטע נײַעס פֿון דער משפּחה, בײַ אונדזערע פֿרײַנד און פֿאַרבראַכט אונדזערע געמיינזאַמע אָוונטן, וואָס האָבן אונדז אַזוי געפֿעלט.

צו מאָרגנס זענען מיר אַוועק אויף איינעם פֿון אונדזערע ליבע שפּאַצירן אויף די הייכן פֿון בוזאַרעאַ – דער גרינער פּאַרק פֿון אַלזשיר. מיר האָבן האַרציק פֿאַרבראַכט. שוין אַ לאַנגע צײַט, כּמעט אַ גאַנצע וואָך זענען מיר דאָ ניט געווען – שרעקלעך לאַנג. כ׳האָב שוין געוווּסט ווי עס האַלט מיט מײַן פֿרײַער צײַט און מײַנע מעגלעכקייטן אין דער באַזע, האָבן מיר זיך אָפּגעשמועסט ווען צו טרעפֿן אויפֿן סקווער מיט די מאַגנאָליעס צו באַפֿאַרבן אַ ביסל די גרויע טעג.

מאָנטיק האָב איך גענעראַלשטאַב צוריקפֿאָרן אין מײַן באַזע. ווען? קיין אָנגעגעבענע שעה האָב איך ניט געהאַט, ס׳האָט ווײַזט אויס, ניט געברענט. בין איך אין דער פֿרי, פֿאַרן גיין צום צוג, אַוועק אויף מײַן אַרבעטסאָרט.

כ'האָב דערציילט מײַן שעף וועגן מײַן אומזיסט געפּטערטער צײַט. ס'איז אים זויער געוואָרן די מינע. ער האָט מיר געוויזן אויף מײַן מיט דאָקומענטן באַלאַגערטן טיש. ער האָט אַ הייב געטאָן די פּלייצעס אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ און געזאָגט:

– מיר וועלן זיי מוזן אַ ביסל אונטעריאָגן.

כ'בין אַוועק צום צוג.

מײַנע טעג אין דער באַזע האָבן זיך געצויגן פּוסטע, אָן ענדערונגען. מען האָט מיך ניט גערופֿן. כ'בין ניט געגאַנגען פֿרעגן, אַרויפֿגעצויגן אויפֿן פּנים אַן ענגלישע פֿלעגמאַטישע מאַסקע. ס'האָט גערויערט אַ ביסל צו פֿיל. נײַנעט איז אין צווישן געקומען, דאָס האָט מיר פֿאַרפֿולט די צײַט. ס'זענען אויך געקומען איר שוועסטערס טעבטער מרים און אַרלעט. כ'בין געזעסן לאַנג אין סקווער, געשריבן בריוו, געשמועסט מיט דער חבֿרה אַרום – געשטופּט די טעג. וואָס האָב איך געקענט טאָן? אויפֿהייבן אַ געשריי קעגן דער פֿראַנצייזישער אַרמיי? זיי האָבן געהאַט וויכטיקערע דאגות. וועל איך זיך פּלאָנטערן צווישן זייערע פֿיס? כ'האָב בעסער געוואָלט, אַז מײַן ענגלישער צד זאָל די זאַך דערליידיקן.

איך האָב זיך שוין גענומען צוגעוווינען צו מײַן טעגלעבן "דאָלטשע-פֿאַר-ניענטע", כ'פֿלעג אַפֿילו פֿאַרשווינדן פֿון דער באַזע – מיט אַ פּאַפּיר צי אָן אַ פּאַפּיר. איך פֿלעג יעדער צווייטן טאָג אַוועקפֿאָרן אַהיים עס האָט קיינער ניט געוווּסט, ס'איז קיינעם ניט אָנגעגאַנגען. ניט האָבנדיק קיין אורלויב־צעטל האָב איך אַליין געמוזט דעקן די רײַזע־הוצאות – ס'איז כּדאַי געווען. כ'האָב זיך גענומען צוגעוווינען צו מײַן "מיליטערישן סטאַטוס" אין דער באַזע, ס'זענען שוין פֿאַרבײַ כּמעט דרײַ וואָכן.

ווען איך בין איין מאָל געקומען פֿון איינעם פֿון מײַנע שפּאַצירן, האָט מען מיר געמאָלדן, אַז כ'דאַרף זיך שטעלן אין ביוראָ. איך האָב פֿאַרשטאַנען אַז עפּעס איז פֿאַראַן פֿאַר מיר. איך בין אַוועק, און – יאָ, זיי האָבן געהאַט נײַעס פֿאַר מיר: זיי האָבן מיר דערלאַנגט אַ פּאַפּיר, לויט וועלכן איך ווער דעלעגירט צוריק אויף מײַן אַרבעטסאָרט. מען האָט מיך געבעטן ברענגען צוריק דאָס אַרויסגעגעבענע בעטגעוואַנט.

כ'בין אַ הײַטערער אַוועק אין מײַן באַראַק, צוזאַמענגענומען מײַנע

בעטזאַבן און ס׳איז מיר געוואָרן אַ ביסל קאַלעמוטנע אויפֿן האַרצן – מען האָט מיר געלקחנט איינעם פֿון מײַנע קאָצן! וואָס טוט מען? מאַכן אַ געוואַלד און אָנהייבן זוכן – ווייס איך וואָס! כ׳האָב צוזאַמענגענומען דאָס וואָס איך האָב געהאַט אין אַ גרויסן פּאַק און אַרײַנגעטראָגן אין ביוראָ. מען האָט עס פֿון מיר גענומען און אַפֿילו ניט אַ קוק געטאָן וואָס עס געפֿינט זיך אינעווייניק. זיי האָבן זיך מיט מיר העפֿלעך געזעגנט און אַפֿילו סאַליוטירט.

דאָס איז געווען אַן אײַנגענעמע געזעגענונג, דאָס סאַליוטירן האָט מיך אַפֿילו געוווּנדערט. אין צוג האָב איך פּינקטלעך דורכגעלייענט דעם דאָקומענט, וואָס מען האָט מיר איבערגעגעבן. לויטן דאָקומענט ווער איך צוריקגעשיקט אין מײַן איינהייט ווי אַ פֿאַרבינדונגס־אָפֿיציר צווישן די פֿראַנצייזישע און ענגלישע טיילן. ווי זאָל איך זאָגן – מיטן פֿולן כּבֿוד.

## אויס סאָלדאַט, ווידער אָפּיציר...

ס'איז פֿאָרגעקומען זייער נאָרמאַל. אויף צו מאָרגנס בין איך צוריק געווען אין מײַן ביוראָ. אַלץ איז געווען ווי איך האָב עס פֿאַרלאָזן. מײַנע מיטאַרבעטער האָבן פֿרײַער אָפּגעאָטעמט – דער וואָס האָט געפֿעלט איז צוריקגעקומען אויף זײַן אָרט. כ'האָב גיך אויסגעסאָרטירט די אַקטן, פּאַפּירן, וועלכע האָבן באַלאַגערט מײַן טיש, און זיך גענומען צו דער אַרבעט. ס'האָט זיך אַ ביסל אָנגעזאַמלט, און איך האָב ניט גערן ווען מײַן טיש איז באַלייגט. כ'בין אַרײַן אין שוווּנג – כ'האָב ליב צו זען ווי די פּאַפּירן ווערן ווייניקער, כ'האָב הנאה דערפֿון. עס האָט ניט לאַנג געדויערט און איך האָב זיך צעשמייכלט, גענומען קוקן ברייטער אויפֿן אַרום. אַלען האָט אויך געשמייכלט, ווערזען האָט געברענט פֿון נײַגעריקייט – נו, ווי איז עס דאָרט געווען? אָבער חוץ ווי אויף אַ שמייכל האָב איך זיך ניט געקענט דערלויבן – ס'איז נאָך געווען גענוג צו טאָן.

דער וואָגן פֿון דער סאַלוויישן־אַרמי איז געקומען, זיך געלאָזט פֿילן. מײַן אַלטיטשקער שפּאַניער האָט שוין געוווסט, אַז איך בין דאָ צוריק און מיר געבראַכט מײַנע זיסע זעמל און טיי.

ס'האָט ניט לאַנג געדויערט און אַלץ איז אַוועק מיט דער טעגלעכער רוטין. אָבער ניין, ס'האָט זיך געלאָזט באַמערקן אַ נײַעס – פֿון די פּראַנצייזישע שיף־וואַרשטאַטן האָבן זיך גענומען באַווײַזן מעכאַניקערס, וועלכע זענען געקומען זוכן טיילן וואָס האָבן בײַ זיי אויסגעפֿעלט... ווײַזט

אויס, אַז די צוזאַמענאַרבעט צווישן דער פֿראַנצייזישער און בריטישער קאָמאַנדע האָט געגומען ווירקן - מיר האָבן דאָך שוין אַ פֿאַרבינדונגס־אָפֿיציר! ריבטיק, פֿאַר וואָס ניט? ס׳איז מיר זייער געפֿעלן. איך בין איצט געגאַנגען צו דער אַרבעט רויִק - אַלע פֿאַפּירן זענען געווען אין אָרדענונג. כ׳האָב אויך געהאַט אַ פֿראַנצייזישן אַרמיי־דאָקומענט אין קעשענע.

צום מיטאָג האָט מיך אָפּגעוואַרט נינעט, זי איז מיר נענטער געוואָרן מיט יעדן טאָג. נינעט איז פֿאַר מיר געווען אַ נײַע וועלט, וואָס איז אַרײַן אין מײַן לעבן. זי איז געווען פֿון אַן אַנדערע סבֿיבֿה. די פּאַרטייִשע פּרינציפּן, מיינונגען, וועלכע האָבן געהערשט אין מײַן מוח, האָבן ניט איין מאָל געמוזט זיך פֿאַרמעסטן מיט נײַע מיינונגען, ביז איצט פֿרעמדע. אַקסיאָמעס האָבן געפּלאַצט, ניט איין מאָל געמוזט אָפּטרעטן זייער אָרט אָדער שלום מאַכן מיט אַנדערע, געמוזט אויפֿגעבן זייער קאָמפּראָמיסלאָזיקייט. ס׳איז געווען אַ מאָל אַ צײַט ווען די פּאַרטיי איז געווען פֿאַר מיר די מאַמע. ליבע איז קודם־כּל צו דער פּאַרטיי. משפּחה, פֿרוי, קינדר? - כ׳האָב באמת וועגן דעם ניט געטראַכט. ווען נינעט איז געקומען - איז זי געווען. אויף וויפֿל איז זי געווען? כ׳וועל ניט מעסטן און כ׳וועל ניט לייקענען, זי איז געווען בײַ מיר אויפֿן ערשטן אָרט. אומעטום. און די פּאַרטיי? געווען די פּאַרטיי און נינעט אויך. וועלכע מיינונג האָט דאָמינירט? אין פּריוואַטע פֿראַגעס - מערסטנס נינעטס. אָט, צום בײַשפּיל:

– ווען ס׳וועט זיך אײַנשטעלן דער שלום, וועל איך צוריקפֿאָרן קיין פּוילן.

– אויב וועסט ניט געפֿינען דײַן אָרט אין פֿראַנקרײַך.

– וועסט פֿאָרן מיט מיר. איך וועל גיין צו דער אַרבעט. דו, אין אָנהייב אָן אַ שפּראַך, וועסט אפֿשר מוזן בלײַבן אין דער היים.

– איך וועל שטענדיק האָבן וואָס צו טאָן...

– וועט קומען אַ קינד, וועלן מיר עס אָפּגעבן אין קינדער־גאָרטן.

– וואָס? - האָט נינעט איבערגעפֿרעגט, - כ׳וועל צונעמען דאָס קינד פֿון זיך און אָפּגעבן עס אין פֿרעמדע הענט? - נינעט האָט געהאַט טרערן אין די אויגן.

און איך האָב אויסגעקושט די טרערן פֿון אירע האַרציקע, בלאָע אויגן

און ניט געקעמפּט פֿאַרן פּאַרטיי־פּרינציפּ... מײַן פּאַרטיי־באַוווסטזײַן איז אַוודאי צוליב דעם ניט פֿאַרמינדערט געוואָרן, אויב ניט רײַכער געוואָרן.

כ'בין ווי שטענדיק נאָרמאַל געגאַנגען אין פּאַרטיי־קעמערל. דאָ האָב איך ניט איין מאָל געהערט אַ מיינונג וועגן דער פּאַרטיי פֿון אַ פּאַרטייִשן מענטש, וואָס דריקט אויס די שטימונג פֿון דער גאַס אָן פּאַרטייִשער באַפֿאַרבונג. אַ מאָל אויף אַ זיצונג האָט זיך אַ פּשוטע פֿרוי צערעדט, גענומען שיטן פּעך און שוועבל אויף די "ביקאָס" (ביקאָ – דער פּאָפּולערער שאַנד נאָמען פֿאַר די אַראַבער). זי האָט לאַנג גערעדט, אַלע האָבן זיך פֿאַרשעמט ביז דער פֿאָרזיצער האָט איר איבערגעריסן. ס'איז ניט שווער אָנגעקומען. אַלע זענען דאָך געווען בײַ איין מיינונג, אָבער זיי האָבן געוווסט, אַז מען דאַרף זיך האַלטן בײַ דער אָפֿיציעלער פּאַרטיי־מיינונג...

אין די בירגערלעכע ייִדישע קרײַזן האָט מען וועגן דער קאָמוניסטישער באַוועגונג ניט גערעדט. זיי זענען געווען אַרײַנגעטאָן אין זייער ביזנעס, אין די הויכע אַמטן, צו וועלכע זיי זענען דערגאַנגען נאָכן באַקומען זייער אַקאַדעמישן טיטל – דער סנאָביזם האָט זיי געהייסן שווײַגן. געווען זענען דאָס מענטשן נאָך זייערע יורי–סטודיעס, מעדיצין–סטודיעס; עס זענען געווען צווישן זיי גוטע פּשוטע מענטשן, וועלכע האָבן זיך געהאַלטן אָן אַלטן שפּאַנישן ייִחוס. די פֿאַמיליע פֿון מײַן נאָענטער פֿרײַנדין איז געווען אַלבו – די פֿאַמיליע פֿון גרויסן ייִדישן געלערנטן יוסף אַלבו (1360–1444), מחבר פֿון באַרימטן "ספֿר העיקרים". אַלבו איז געשטאַנען בראָש פֿון די שפּאַנישע ייִדישע גאונים פֿון זײַן צײַט בעתן באַרימטן דיספּוט אין טאָרטאָסאַ. כ'האָב אַ פּאָר מאָל אָנגערופֿן דעם גרויסן נאָמען, געוואָלט עפּעס הערן וועגן אים, אָבער אָן דערפֿאָלג. זי האָט אפֿשר ניט געוווסט וואָס צו זאָגן. אַן אַנדער פֿרײַנדין, אויך פֿון די אַלבוס האָט געהייסן כּהן – אויך ניט קיין פֿאַמיליע, וואָס איז אַראָפּגעפֿאַלן פֿון הימל. דאָס זענען ס'רובֿ געווען משפּחות, וועלכע זענען געזעסן אויפֿן דאַך פֿון צוויי וועלטן – "מיר פֿון דער פֿראַנצייזישער זײַט"...

די פֿראַנצייזישע סבֿיבֿה אַרום נינעט האָט געלעבט אָפּגעזונדערט פֿון דער ייִדישער און אַנדערע סבֿיבֿות. דאָס רובֿ זענען עס געווען אינטע־לעקטואַלן – אַלע פּראָטעסטאַנטן. בײַם טיש, בײַ אַנעט, האָט קיין מאָל ניט

אויסגעפּעלט דער פּראָטעסטאַנטישער גײַסטלעכער, און דאָס עסן האָט זיך ניט אָנגעהויבן אָן דעם ווי מיר האָבן אַוועקגעלייגט יעדע הענט אויפֿן טיש, אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ און אין דער שטיל אָפּגעטראַכט די תּפֿילה. איך האָב דעמאָלט ניט געטראַכט וועגן פֿאָטער, זון און הייליקן גײַסט. עס שאַדט ניט אַוועקזעצנדיק זיך צום טיש אַ פּאָר מינוט צו שווײַגן...

אין זייערע שמועסן האָב איך קיין מאָל ניט געהערט וועגן לאָקאַלע פּראַגעס. עס פּלעגן דערמאָנט ווערן משפּחה־פּראַגעס, וועלכע האָבן ניט אָנגערירט קיין נאַציאָנאַלע אָדער סאָציאַלע פּראָבלעמען.

– לאָמיר הײַנט צופֿאָרן צו אימעקן, – האָב איך פֿאָרגעשלאָגן נינעטן, – וועסט אַ קוק טאָן ווי ס'לעבט זיך דער ייִדישער אַריסטאָקראַטיע אין אַלזשיר.

נינעט האָט אַ שאָקל געטאָן מיטן קאָפּ.

– גוט, לאָמיר פֿאָרן.

דער טראָלייבוס האָט אונדז גענומען פֿון רעגירונגס־פּלאַץ און אַוועקגעפֿירט קיין סענט־אויזשען גלײַך צום געסל מיט די צוויי מויערן פֿון דער זײַט. צום סוף איז געווען אַ קלענער מויער מיט אַן אַרײַנגאַנג, וועלכער האָט געפֿירט צו אימעקס הויז.

ס'איז געווען אין דער נאָכמיטאָג־שעה, נאָך דער סיעסטאַ. מיר זענען גלײַך אײַנגעלאַדן געוואָרן צום פֿײַף־אָ־קלאָק – קאַווע מיט אַ זיס פֿאַרבײַסעכץ. סעסיל האָט זיך צוגעזעצט צו נינעט און אימעק צו מיר, ווי צוויי מענער, האָבן מיר גערעדט וועגן גאָר גרויסע זאַכן אָן אַ באַטײַט...

– איר ווילט זיך אַוודאי אַ ביסל צוריקציִען – האָט געזאָגט סעסיל, – זײַט אין גאָרטן אַליין, זיך דורכשמועסן.

אימעק האָט מיך צוגעפֿירט צו אַ פֿענצטער. ווען מען איז אים אַריבער, איז מען שטיין געבליבן אין אַ גאָרטן אויף אַן אייבערשטער טעראַסע, אַ דיק אויסגעבעטע מיט גראָז. מיר זענען דאָרט געבליבן אַ לאַנגע, ליבע שעה – ס'איז אונדז געווען גוט. מיר זענען אויפֿגעשטאַנען פֿון ווייכן גראָז, אַריבער דעם פֿענצטער און ווידער זענען מיר געשטאַנען אין צימער. מיר האָבן נאָך אַ ביסל געשמועסט און אימעק האָט אונדז באַגלייט צום אַרויסגאַנג, געבעטן אָפֿטער קומען.

מיר זענען געווען אויסגערוט, גוט געשטימט, מונטער.

– נינעט, ווי געפֿעלט דיר די ייִדישע אַריסטאָקראַטיע?

– ס'איז ניט קיין אַריסטאָקראַטיע – האָט נינעט מיט אַ שמייכל מיר געענטפֿערט, דאָס זענען פּאַרווענו – אויפֿגעקומענע.

די פֿראַנצייזישע אַריסטאָקראַטיע האָט די ייִדישע ניט צוגעלאָזט צו זיך. איר באַציִונג צו די ייִדישע באַנקירן זעט מען אויך בײַ באַלזאַקן – דאָס איז אַ שטאַפּל ניט אַריבערצושפּרינגען. אָבער אַ סאָציאַלע פּאָזיציע, אַן אויסגעקעמפּטע אין גאַנג פֿון דער געשיכטע, איז דאָך ניט אַוועקצומאַכן מיט דער האַנט. ווי אַ סאָציאַלער כּוח האָבן די ייִדן דעראָבערט זייער רעכט, געזעצן, וועלכע זענען געבליבן אויף לאַנג. איינער פֿון די דאָזיקע געזעצן איז געווען דער קרעמיע־געזעץ, וואָס האָט געגעבן די אַלזשירער ייִדן פֿראַנצייזישע בירגערשאַפֿט. ווען אַלזשיר איז געוואָרן זעלבשטענדיק האָבן די פֿראַנצויזן פֿאַרלאָזט דאָס לאַנד, מען האָט זיי פֿאַרגיטיקט פֿאַרן פֿאַרמעגן, וואָס זיי האָבן דאָרט איבערגעלאָזט. די אַלזשירער פֿראַנצויזן האָט מען גערופֿן די "שוואַרצע פֿיס". ייִדן פֿון אַלזשיר זענען אויך "שוואַרצע פֿיס"? – האָט מיך אַ פֿראַנצויזין פֿון אַלזשיר געפֿרעגט. כ'האָב איר געזאָגט: איך ווייס ניט צי זיי האָבן שוואַרצע פֿיס צי געוואַשענע, נאָר איינס איז זיכער: אויב פֿראַנקרײַך האָב זיי מיטן קרעמיע־געזעץ געגעבן פֿראַנצייזישע בירגערשאַפֿט האָבן זיי עס זיכער פֿאַרדינט. פֿראַנקרײַך האָט עס גוט געדענקט. ווען די ייִדן האָבן פֿאַרלאָזט אַלזשיר האָט פֿראַנקרײַך אויסגעשפּרייט איר שוץ איבער זיי לויט אַלע געזעצן און צוגעהעריקייטן.

אָבער דיסטאַנץ בלײַבט דיסטאַנץ. טאַנט מאַרי האָט זייער ליב געהאַט נינעטן און האָט זי זייער געשעצט.

– מיר ווילן חתונה האָבן, – האָב איך איין מאָל געזאָגט צו איר.

– איך, – האָט געזאָגט טאַנט מאַרי, – בין 40 יאָר געווען חתונה־געהאַט מיט אַ ייִד. געהאַט מיט אים אַ רײַך גליקלעך לעבן, אָבער כ'האָב זיך שטענדיק געמוזט היטן, כ'זאָל אַ מאָל ניט מיט אַ וואָרט באַליידיקן אַ ייִד...

כ'האָב איבערגעריסן דער טאַטן מאַרי, איר אַ קוש געטאָן אין קאָפּ – זי איז געווען אַזוי האַרציק, אויפֿריכטיק.

## צווישן אַלעמען מײַן ווייניקייט...

מײַן אַרבעט אין דער בריטישער אַדמיראַליטעט האָט נאָך געדויערט חדשים־לאַנג. אין איין שיינעם טאָג האָב איך באַמערקט, אַז מײַנע ענגלישע באַלעבאַטים הייבן זיך אָן צו פּאַקן. כ'האָב געקוקט, געפֿאָרשט, געוווען אַ ביסל פֿאַרזאָרגט. דער קאַפּיטאַן אַלען האָט מיך מיט אַ שמייכל צוגערופֿן:

– נאָך אַ ביסל און מיר וועלן ליקווידירן אונדזער ביוראָ.

– און וואָס איז בנוגע מיר?

– זאָרג ניט, עס בלײַבן די אַמעריקאַנער. מיר וועלן דיך אַריבערפֿירן צו זיי אויף אַרבעט.

ס'איז מיר קלאָר געוואָרן, אַז עס בלײַבט דאָ די אַמעריקאַנער לופֿט־באַזע אין מעזאָן־בלאַנש, אין דער אַלזשירער געגנט, און איך וועל, אויב כ'בין מסכּים, אַהין אַריבערגעשיקט ווערן. כ'בין מסכּים געוועזן. איך האָב זיך געשטעלט מיט מײַן רעקאָמענדאַציע־בריוו פֿאַרן קאָמענדאַנט פֿון דער אַמעריקאַנער באַזע אין מעזאָן־בלאַנש.

איך בין אַהין אַרײַנגעפֿאַלן אומגעריכט. דער קאָמענדאַנט פֿון דער באַזע האָט אַ קוק געטאָן – וואָס? ווער? ווו? ער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר און בײַ מײַן נאָמען צוגעשריבן: "סופּערוויזער" – "אַרבעטס־אויפֿזעער". ער האָט געקוקט אויף מיר מיט אַ שמייכל, צי כ'בין צופֿרידן. איך האָב אים געענטפֿערט מיט אַ שמייכל – די מיטאַרבעט האָט זיך אײַנגעשטעלט.

די לופֿטבאַזע האָט באַשעפֿטיקט הונדערטער אַרבעטער פֿון

פֿאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן: פֿראַנצויזן, שפּאַניער, רוסן, פּאָליאַקן, דײַטשן, אוקראַיִנער, אַלזשירער אַראַבער. אַלזשירער ייִדן. ניט שטענדיק האָסטו געוווּסט ווו ס'ענדיקט זיך דער אַלזשירער און ווו ס'הייבט זיך אָן דער ייִד. גוט וואָס אין דער שפּראַכן־פֿראַגע איז צווישן מיר און די אַרבעטער קיין פּראָבלעם ניט געווען. עס זענען אָבער געווען פֿאַרשיידענע סטילן פֿון אַרבעט, וואָס מען האָט געדאַרפֿט פֿון צײַט צו צײַט רעגולירן, כּדי ניט צו ברענגען צו קאָנפֿליקטן. דאָס איז געווען ניט לײַכט. אָט, למשל, זענען געווען צוויי ברידער שאָפֿערן – ביידע האָבן אויסגעזען ווי צען גויים, אָבער זייער פֿאַמיליע איז געווען צרפתי! אַן אַנדערער האָט געהייסן קאַבעסאַ. כ'האָב קיין השגה ניט געהאַט ווער ער איז, איז ער אַ געוויסן טאָג געקומען מיך אַרומנעמען, מיר אויסדריקן זײַן באַדויער, ווי אַ ייִד צו זײַן ברודער אַ ייִד, וואָס האָט פֿאַרלוירן זײַן גאַנצע משפּחה אין פּוילן... איך האָב זיך געדאַרפֿט היטן ניט צו פֿאַוואָריזירן מענטשן בײַם אויסטיילן אַרבעט. כ'האָב אויסגעשטעלט ליסטע נאָכן אַלף־בית און לויט איר איז געגאַנגען די אַרבעט. ערגער איז געווען, ווען ס'איז געקומען צום רעדוצירן די צאָל שאָפֿערן, וועלכע איז אין צווישנצײַט זייער אויסגעוואַקסן, כ'האָב ווידער ניט געטאָרט אָנרירן די נאַציאָנאַלע געפֿילן. כ'האָב באַשלאָסן צו באַפֿרײַען די, וועלכע זענען געקומען די לעצטע צו דער אַרבעט, רעספּעקטירט די אַרבעטער, וועלכע האָבן געאַרבעט לענגער, מיט אַ ביסל גוטן ווילן זענען אויסגעמיטן געוואָרן רײַבונגען.

די אַרבעט איז ווײַטער געגאַנגען אין אַ גוטער שטימונג. מיר האָבן אײַנגעאָרדנט אימפּרעזעס – אַ פֿאַרווײַלונג פֿאַר די קינדער פֿון די אַרבעטער. אַ נײַיאָר פֿאַרווײַלונג. מיר האָבן צונויפֿגעקליבן געלט צו באַשענקען די קינדער מיט מתּנות, שפּילצײַג, שאָקאָלאַד. די אַמעריקאַנער מיליטער־לײַט, וועלכע האָבן איבערגעלאָזט זייערע קינדער אין דער היים, ווײַט, זענען געקומען אויף די דאָזיקע אימפּערזעס, באַוווּנדערט די בלישטשענדיקע אויגן פֿון די קינדער, ווי זיי דריקן צו זיך די באַקומענע מתּנות, שוין אָפּגערעדט פֿון די גליקלעכע טאַטע־מאַמע, וועלכע זענען דערבײַ געווען, אַ ביסל האַרץ און גלײַכגעוויכט האָבן געמאַכט דאָס לעבן פֿריילעכער.

עס זענען אויך געווען אַ פּאָר גרילצן – ווי קען עס זײַן אָן דעם? ווען עס איז געקומען לויט דער ריי צו באַפרײַען אַ שאָפער, אַן איטאַליענער פֿון אַלזשיר, האָט ער זיך אַנטקעגנגעשטעלט און אַפֿילו געמאַכט נאַציאָנאַלע אָנדײַטונגען, אַז ער איז וויכטיקער, ער דאַרף בלײַבן. ער האָט קיין שאַנסן ניט געהאַט דורכצוזעצן זײַן פֿאָדערונג. די געבליבענע אַרבעטער זענען געשטאַנען פֿעסט בײַם אײַנגעשטעלטן פּרינציפּ – די שפּעטער געקומענע באַפרײַען פֿריִער.

געווען אויך אַן אַנדערער גרילץ, מיט אַן אוקראַיִנער, אַ שאָפֿער. ער איז געווען פֿון די פּוילישע קרעסן, גערעדט אַ שיינעם פּויליש, אַ סימפּאַטישער, אינטעליגענטער חבֿרה־מאַן. כ׳האָב אים געזען אַ פּאָר מאָל אין ״פּוילישן הויז״. איך ווייס ניט וואָס ער האָט אָפּגעטאָן. ווען כ׳בין אַ געווייסן טאָג געקומען צו דער אַרבעט, האָט מען מיר געמאָלדן, אַז דער אוקראַיִנער זיצט אין געפֿענקעניש פֿון דער באַזע. כ׳האָב געשטוינט, אָבער ניט געזוכט צו דערגיין די סיבה. אַרײַנזעצן, באַפרײַען איז, גאָט צו דאַנקען, ניט געווען אין מײַן קאָמפּעטענץ. אין אַ פּאָר טעג אַרום האָט מען מיר איבערגעגעבן, אַז דער אוקראַיִנער אין געפֿענקעניש האָט זיך אויפֿגעהאַנגען. באַטראַכטנדיק זײַן טויטן קערפּער האָט מען אויף זײַן אָרעם, הויך איבערן עלנבויגן, געפֿונען אַן אָנגעצייכנטן האַקנקרייץ.

כ׳ווייס ניט ווען ער איז געקומען אַרבעטן אין דער באַזע. ער האָט גוט געאַרבעט, דאָס איז אָבער ווײַזט אויס ניט געווען גענוג. עס זענען געווען אין דער אַמעריקאַנער אַרמיי אינסטאַנצן, וועלכע האָבן זיך מיט די דאָזיקע זאַכן אינטערעסירט. דער אוקראַיִנער האָט אַוודאי אין אַ געווייסן מאָמענט אויסגעוויילט דעם לײַכטערן וועג, און פֿאַר לײַכטע וועגן קומט אויס צו צאָלן טײַער.

* * *

פֿון דער צווייטער זײַן צאַם, אַרום אונדזער באַזע, האָט זיך געפֿונען אַ פֿראַנצייזישע ווירטשאַפֿט. כ׳האָב באַמערקט ווי אַראַבישע אַראַבער קומען יעדן טאָג מיט זייער פּעקעלע עסן און נעמען זיך גלײַך צו זייער אַרבעט. זיי אַרבעטן פֿלײַסיק, פֿאַרלירן ניט קיין מינוט. כ׳האָב געהערט אַ סך חוזק־ווערטער אויפֿן חשבון פֿון ״אַראַבישער אַרבעט״. דער טעמפּ פֿון דער

אַרבעט פֿון די דאָזיקע אַרבעטער האָט מיך אינטריגירט. אַרום זיי האָט זיך געדרייט זייער אַרבעטס־אויפֿזעער, אַ פֿראַנצויז. כ׳האָב געקוקט, באַוווּנדערט און אין אַ געוויסן מאָמענט אַ פֿרעג געטאָן דעם אויפֿזעער, ווי ער געפֿינט אַזעלכע פֿלײַסיקע אַרבעטער. ער האָט אַ הייב געטאָן מיט די פּלייצעס און מיר אַרויסגעלייגט די סיבה פֿון זייער פֿלײַס.

– פּשוט, ווען כ׳זע, אַז איינער שפּילט זיך צו פֿיל, פֿרעג איך בײַ אים זײַן נאָמען און זאָג, אַז ער זאָל מאָרגן ניט קומען...

כ׳האָב געטראַכט וועגן דער שווערער לעקציע, וועלכע דער אויפֿזעער גיט זײַנע אַרבעטער. כ׳האָב געזען די, וועלכע אַרבעטן אונטער מײַן אויפֿזיכט – זיי זענען מיר אַלע ליב געוווען. כ׳האָב געטראַכט וועגן זייער פֿאַמיליע, וועלכע שיקט זיי אַרבעטן, וועגן זייערע עלטערן, וואָס נייטיקן זיך אין זייערע פֿאַרדינטע גראָשנס. דער מעטאָד פֿון מײַן שכן איבערן צאַם איז מיר געוווען פֿרעמד.

איך האָב זיך באַמיט די אַרבעטער זאָלן אַרבעטן פֿרײַ, לויט זייער ווילן. איך פֿלעג זיי געבן אַ געוויסע אַרבעט און דערויף געבן אַ באַשטימטע צײַט – ווען עס מאַכן פֿריִער, קענט איר זיך אָפּרוען. זיי פֿלעגן עס טאָן אין אַ סך וויניקער צײַט און דערנאָך מיט אַ שמייכל פֿאַרציִען אַ ציגאַרעט.

כ׳האָב ניט געזוכט בײַ פּעסטאַלאָצין ווועמעס פּעדאַגאָגישע סיסטעם איז ריכטיקער – דעם פֿראַנצייזישן אויפֿזעערס אָדער מײַנע. אַ גוטער בליק צו מיר פֿון מײַנע אַרבעטער איז מיר גענוג געווען.

ווען איך בין אַרויס נאָך מיטאָג אויף דער אַלזשירער הויפּטגאַס מישלע, האָב איך דערהערט אַ פֿריילעכן גערויש. סטודענטן, געאָרעמט אָרעם אין אָרעם, אין רייען צו 8–10 האָבן מאַרשירט איבער דער הויפּטגאַס, וויוואַטירט, געזונגען, געפֿרייט זיך. מענטשן האָבן זיך אָן זיי אָנגעשלאָסן. טעאַטער־גרופּעס אין אָפֿענע וואָגנס האָבן געגעבן זייער צושטײַער, די פֿרייד האָט זיך צעגאָסן אויפֿן אַרום. אויף די טראָטואַרן האָבן מענטשן אַפּלאָדירט, געשיקט קושן צו דער חבֿרה, ס׳האָט זיך געשאַפֿן אַ לעבעדיקער, מענטשלעכער ים פֿון גליק און פֿרייד. נאָר וואָס איז דערגאַנגען די ידיעה, אַז די מלחמה איז געענדיקט, און יונגע, געזונטע חבֿרה־לײַט דאַרפֿן ניט קיין אָפֿיציעלע קאָמוניקאַטן, אָרגאַניזירטע

מאַניפֿעסטאַציעס – זיי זענען אַרויס פֿון אוניווערסיטעט־הויף – פֿרייד און טומל ווערן שטענדיק גלײַך אָנגענומען.

איך בין געשטאַנען אין דאָזיקן אויסבראָך פֿון גליק און פֿרייד, מיטגעפֿרייט זיך מיט די דורכמאַרשירנדיקע. ס'איז אויך געווען מײַן פֿרייד. נאָר אין דער זעלבער צײַט זענען פֿון מײַנע אויגן געפֿלאָסן טרערן.

# אויף די פּרידלעכע וואַסערן...

דער שלום האָט זיך גענומען אויסווירקן. די טעטיקייט פון אונדזער באַזע איז שטאַרק באַגרענעצט געוואָרן. ס'איז אויסגעקומען צו באַפרייען ביסלעכווייַז די אַרבעטער – די באַזע איז געגאַנגען צו איר סוף.

די געפילן פון די מענטשן אַרום מיר, מייַנסטנס געקומענע פון אייראָפּעיִשן קאָנטינענט, פון פראַנקרייַך, זענען מיט יעדן טאָג האָפערדיקער געוואָרן, ס'האָט אויפגעשייַנט די מעגלעכקייט צו פאָרן אַהיים. מייַנע אַמעריקאַנער אַרבעטס־געבער, פון אָפיציר ביזן סאָלדאַט, האָבן פון צופרידנקייט זיך געריבן די הענט. נאָך אַ ביסל און זיי וועלן זייַן צוריק אין דער היים. דאָס רובֿ אינזשענירן, מעכאַניקער, זיי זענען געווען טיכטיק אין זייער באַשעפטיקונג, זאַכלעך אין זייערע באַציִונגען. זאַכן, וועלכע זיי האָבן זיך אייַנגעקויפט בעת זייער מיליטערישן לעבן: וועש, שיך זענען זיי געקומען מיר פאַרקויפן פאַר גראָשנס. איך בין פאַר די פאָר יאָר, האָבנדיק אַלע רעכט צו קויפן אין די מיליטערישע מאַגאַזינען, געווען באַקליידט, אָנגעשטאָפּט – כ'האָב עס ניט געדאַרפט, ניט געוואָלט.

– נעם עס, – האָבן זיי אינסיסטירט, – פאַר אַ גראָשן, פאַר גאָרניט...

איינער האָט מיך גענודיעט; נעם, פאַר וואָס נעמסטו ניט, נעם, און ער האָט מיר אויסגערעכנט וואָס ער וויל מיר פאַרקויפן. כ'האָב אַפילו ניט פאַרשטאַנען וואָס ער וויל מיר פאַרקויפן און געזאָגט ניין, ניין. ער האָט זיך פאַרעקשנט און דאָך מיר געבראַכט אַ פּרעכטיקע פּאָר ווייַסע זאַמשענע שיך... כ'האָב אים געגעבן מער ווי ער האָט געוואָלט, אָבער זייַן קאָפּ איז

שוין ניט געווען דערבײַ ער האָט אַפֿילו ניט געקוקט וויפֿל ער באַקומט, ער האָט בלויז געטראַכט ווי לײַכטער צו מאַכן זײַן פּעקל. דער געדאַנק איז שוין געווען אויפֿן וועג אַהיים.

איך דערמאָן זיך ווי איינער אַ יונגער סערזשאַנט איז געקומען צו מײַן סעקרעטאַרין, אַ שיין פֿראַנצייזיש מיידל, צו וועלכער ער האָט זיך שטאַרק געוואָלט דערנענטערן. ער האָט איר געוויזן אַ בילד פֿון אַ נײַעם, שיינעם מאָדעל פֿון אַן אויטאָ און אַ זאָג געטאָ:

– אַז כ׳וועל קומען אַהיים, קיין אַמעריקע, וועל איך מיר קויפֿן אַזאַ אויטאָ.

– איז וואָס? – האָט אים געפֿרעגט דאָס מיידל. אויף איר האָט דאָס בילד ניט געמאַכט קיין שום אײַנדרוק.

דער אָרעמער "באָיטשיק" האָט נאָך ניט געוווּסט, אַז אַ שיינער אויטאָ איז טאַקע אַ סך, אָבער ניט אַלץ...

די לופֿט באַזע אין מעזאָן־בלאַנש איז ביסלעכווײַז אַריבער קיין אייראָפּע. אין צפֿון־אַפֿריקע, אין אַלזשיריע, איז עס געגאַנגען צו נעילה.

נאָך אַ יאָר אַרבעט האָב איך זיך פֿרײַנדלעך געזעגנט מיט מײַנע אַמעריקאַנער באָסן. מיר האָבן זיך וואַרעם אַרומגענומען.

פֿינף יאָר זענען פֿאַרבײַ זינט כ׳בין אַראָפּ פֿון די פֿליגלען פֿון גורל און שטיין געבליבן אויף דער ערד. נאָך די יאָרן פֿון לאַגער זענען געקומען יאָרן פֿון פֿרײַער אַרבעט אין די פֿאַרשיידנסטע באַדינגונגען. איצט בין איך געשטאַנען רויִק. כ׳האָב ניט געטראַכט וועגן זוכן אַ נײַ אַרבעטסאָרט, כ׳האָב זיך געקענט דערלויבן פֿרײַ אָפּצואָטעמען. כ׳האָב געהאַט צײַט און טײַערע פֿרײַנד, געקענט זיי באַזוכן, זיצן מיט זיי, שווימען אויף די בלאָע וואַסערן פֿון מיטללענדישן ים, אויף די מילדע וואַסערן פֿון פֿרידלעכן לעבן.

מײַנע באַזוכן בײַ אימעקן זענען געוואָרן אָפֿטערע. ניט איין אָוונט בין איך געזעסן בײַ אים, בײַ סעסיל אין דער היים, גערעדט, געשמועסט, פֿאַרגעלייענט, טייל מאָל אין די קילע נעכט, בײַם קאַמין, ווען דאָס פֿײַער האָט געקנאַקט און צוגעגעבן אַ ליבע וואַרעמקייט צו אונדזער צוזאַמענזײַן. טייל מאָל זענען אויך בײַגעווען זשערמען, זשוליעט – זיי האָבן זיך אַזוי שיין

צוגעהערט צו מײַן דערציילן. זיי האָבן געהערט אַלץ. איך דערמאָן זיך ווי כ'האָב זיי דורכגעלייענט כמעט אַ האַלב בוך פֿון פּיער בענואַ "אַטלאַנטיד". מענטשן האָבן ליב צו הערן מעשׂיות, זיי פֿאַרוואַנדלען זיך דערבײַ אין קינדער. טייל מאָל פֿלעגט זיך עס פֿאַרציִען ביז שפּעט אין דער נאַכט, ניט כּדאַי געווען אַהיימצופֿאָרן, פֿלעג איך דאָרט בלײַבן שלאָפֿן.

מיט נינעטן איז עס געוואָרן אַ לאַנגער יום־טובֿ: אָוונטן בײַ איר אין דער היים, קאָנצערטן, שפּאַצירן איבער אַלזשיר און אומגעגנט – ליבע שפּאַצירן אונטער דער זון און פֿרײַהייט. געווען ערטער, וווּ מיר זענען אַרויסגעפֿאָרן אויף אַ פּאָר טעג, ווי אין ווײַטן באָן, אָדער נאָענטערן קאַרטאַגאָ – יאָ, יאָ, דאָס, וואָס מיר קענען אַזוי גוט פֿון אונדזערע שוליאָרן!. דאָס אָרט איז געווען שטאַרק פֿאַרבונדן מיט נינעטס זכרונות. אַהין פֿלעגט זי אָפֿט פֿאָרן מיט איר פֿאָטער ווען ער פֿלעגט האָבן וויכטיקע געסט. און איך בין צוריק געקומען צו מײַנע שוליאָרן, צו די טעג, ווען כ'האָב געלערנט וועגן רוים און קאַרטאַגאָ. אויפֿן פֿאָרום אין קאַרטאַגאָ, וועלכע איז נאָך געשטאַנען אין זײַן פֿולער פּראַכט, האָסטו נאָך געהערט דעם אָפּקלאַנג פֿון רוף פֿונעם סענאַטאָר אין רוים: "קאַרטאַגאָ דעלענדאַ עסט".

די קאָלאָנעס פֿון פֿאָרום לאַכן נאָך ביז הײַנט ווײַל דערנאָך איז דאָך צו זיי דערגאַנגען דער פֿאַרצווייפֿלטער געשריי פֿון רוים: "האַניבאַל אַד פּאָרטאַס!" – ס'האָט רוים ניט געהאָלפֿן. און מיר האָט עס ניט געשטערט. די קאָלאָנעס אויפֿן פֿאָרום קוקן שטיל, פֿאַרטראַכט. אונטן שפּרייט זיך אויס דער ים, און איך שפּאַציר זיך דאָ מיט נינעט – ס'איז שיין און זוניק.

וועגן דער האַרציקייט פֿון די דאָזיקע אויספֿלוגן וועל איך דאָ ניט דערציילן – איר מעגט עס באַדויערן.

ס'זענען אויך געווען אָפּטערע באַזוכן אין "פּוילישן הויז", אין וועלכן כ'האָב ניט וויניק אינטערעסאַנטע מענטשן באַגעגנט. איינעם וויל איך אומבאַדינגט דערמאָנען.

## אײַנגעהילט אין נעבעלן...

אין זכּרון שווימט טייל מאָל אויף אַ געשטאַלט, אַ פֿרײַנדשאַפֿט אַ פֿאַרשווונדענע, וועלכע טליִעט ערגעץ פֿאַרבאָרגן אין דיר און לאָזט זיך ניט פֿאַרגעסן.

ער האָט געהייסן סימאָן מאָנדזען. איך דערמאָן זיך ניט גענוי ווען כ'האָב זיך מיט אים באַקענט. אין זכּרון האָבן זיך דורכגעקײַקלט באַגעגענישן, שמועסן, וועלכע זענען געפֿלאָסן נאַטירלעך, פֿרײַ, ווי מיר וואָלטן געווען לײַבלעך־נאָענטע, גרייטע צו הערן איינער דעם אַנדערן אויפֿריכטיק, מיט פֿאַראינטערעסירונג.

ער איז געווען אַ 20 יאָר עלטער פֿון מיר. ניט קיין הויכער, שטענדיק עלעגאַנט געקליידט, דאָס רעקל, די הויזן ריין, געפּרעסט, עסטעטיש, אין איינקלאַנג מיט זײַן גוט פֿאָרמירטער געשטאַלט. אין דער לינקער, קליינער אייבערשטער קעשענע האָט קיין מאָל ניט געפֿעלט אַ זײַדן טיכעלע און דאָס רעגולערע פּנים איז געווען גוט אויסראַזירט, געפֿלעגט.

מיר האָבן גערעדט צווישן זיך פֿראַנצייזיש, כאָטש מיר זענען ביידע געווען פֿאַרבונדן מיטן ״פּוילישן הויז״ אין אַלזשיר, ווו די פּוילישע שפּראַך איז געווען די הערשנדיקע. אין אָוונט פֿלעגט ער אָפֿט קומען אין רעסטאָראַן אויף רי־מישלע, איינע פֿון די עלעגאַנטסטע גאַסן פֿון אַלזשיר, וועלכע האָט זיך געשניטן דורכן שענסטן שטאָטטייל – אויף רעכטס אַרויף ביזן שטאָטפּאַרק אין דער ריכטונג פֿון על־ביאַר, און לינקס צום פּאַרק פּאַזע

ים, נאָענט צום שיינעם מאַורישן בנין פֿון דער צענטראַלער פּאָסט. מאָנדזען האָט געוווינט ערגעץ אין מיטן, אַנטקעגן דעם רעסטאָראַן ווו כ׳האָב געגעסן אָוונטברויט. ער איז אַהין געקומען, זיך צוגעזעצט. ער האָט ניט באַשטעלט קיין עסן, קיין טרינקען. ער איז געזעסן באַשיידן, געשמועסט, מיר געהאַלטן געזעלשאַפֿט – אַ זייער אײַנגענעמער צוגאָב צו מײַן אָוונטברויט.

אין יענע יאָרן פֿון צווייטן וועלטקריג איז אַלזשיר געווען אַ מקום־מקלט פֿאַר אַ סך מענטשן פֿון פֿראַנקרײַך, וועלכע האָבן געזוכט שוץ ווײַט אַוועק פֿון היטלעריסטישן אָקופּאַנט.

קיין אַלזשיריע האָט אויך דער דעמאָלטיקער ווישי־רעזשים דעפּאָרטירט אַ סך לינקע עלעמענטן – קאָמוניסטן, געוועזענע קעמפֿער פֿון דער אינטערנאַציאָנאַלער בריגאַדע אין שפּאַניע און ניט ווייניק ייִדן. נאָכן אַרויסזעצן זיך פֿון די אַלייִרטע אין צפֿון־אַפֿריקע זענען די אַלע אינטערנירטע באַפֿרײַט געוואָרן און מיינסטנס געקומען אין דער שטאָט אַלזשיר.

קיין אַלזשיר איז אויך אין די מלחמה־יאָרן געקומען אַ גרופּע פֿון פּוילישע פֿרויען, פֿרויען מיט קינדער פֿון העכערע פּוילישע אָפֿיצירן, באַזאָרגטע אַפֿילו מיט הויזדינערס, געבראַכטע אויף דערווײַל, אויף דער צײַט פֿון קריג. די פּוילישע מאַכט האָט פֿאַר זיי געשאַפֿן דאָס "פּוילישע הויז", וואָס איז מיט דער צײַט געוואָרן אַ זאַמלפּונקט פֿאַר פּויליש־רעדנדיקע.

אין "פּוילישן הויז" פֿלעגט מען קומען אין אָוונט, נאָך דער אַרבעט, און שבת און זונטיק אין דער פֿרײַער צײַט. מוזיק פֿון פּאַטעפֿאָן האָט געוועקט צום טאַנצן, פֿון צײַט צו צײַט פֿלעגט פֿאָרקומען אַ פּאָליטישער שמועס, אַ רעפֿעראַט, וועלכן ס׳פֿלעגט האַלטן איינער פֿון די מיטגלידער, מיינסטנס אַ מיטגליד פֿון הויז־קאָמיטעט. געווען זענען עס מענטשן אין פּענסיע־עלטער, פּאָליאַקן, פֿראַנצויזן.

צווישן זיי איז אויך געווען מאָנדזען.

אין "פּוילישן הויז" פֿלעגט מאָנדזען קומען גאַנץ אָפֿט, אָבער ער פֿלעגט זיך דאָרט ניט לאַנג פֿאַרהאַלטן. זײַן אויפֿפֿירונג איז געווען אַן איידעלע, מיט

רעספּעקט צום אַרום. איך האָב אים גלײַך פֿון אָנהייב באַמערקט, אָבסערווירט, אָנגעקניפּט דאָ און דאָרט אַ שמועס. כ׳האָב געקענט מיט אים שמועסן וועגן אַלץ און אַלעמען. באַשטימען ווער ער איז, איז ניט לײַכט געווען.

טייל מאָל באַצייכנסטו אַ מענטש אָן וואַקלעניש – אַ פֿראַנצויז, אַ פּאָליאַק, אַ ייִד – און די באַצייכענונג איז אַ ריכטיקע, אָבער ניט שטענדיק! "באַצייכן ניט אַ מענטש לויט דעם ווי ער רעדט, פֿירט זיך אויף", האָט מיר געעצהט שאַרלעט, אַ פֿראַנצויזין פֿון אַלזשיר. "אַ סך מאָל טוט אַ מענטש גראָד דאָס פֿאַרקערטע, כּדי דו זאָלסט אים זען אַ גאַנץ אַנדערן...".

אין גרינדעלוואַלד, אין שווייץ, האָט זיך באַזונדערש אין מײַן האָטעל אויסגעטיילט איינער מיט זײַן טיראָל־קליידונג – די קורצע הויזן, רויטע זאָקן, מיטן יעגער־היטעלע מיט דער פֿעדער אין דער זײַט, זײַן דײַטשישע שפּראַך איז געווען אָנגעפּראָפּט מיטן ראַיאָן־דיאַלעקט, ניט צו פֿאַרשטיין. כ׳האָב אויסגעמיטן זיך צו דערנענטערן צו אים. דער דײַטשישער "האָכשטאַפּלער" האָט פֿון אים געשטונקען מעטער–ווײַט. אין אַ פּאָר חדשים שפּעטער האָב איך אים געזען אויף איינער פֿון די... תּל־אָבֿיבֿער גאַסן, אין אַ גלאַטיקן, העברעיִשן שמועס – ער איז באמת געווען גלאַט און כּשר... איינער פֿון די, וואָס ווילן זיך צופּאַסן צו דער סבֿיבֿה, ווי אין די צײַטן פֿון דער שואה, אַ רעזולטאַט פֿון זײַן לעבנס־דערפֿאַרונג.

אויך אָן באַזונדערע כּוונות קומט אַ מאָל אויס, אַז מענטשן שאַפֿן אַן אַנדערן אימאַזש וועגן זיך.

ערגעץ אין שוואַרצוואַלד בין איך בײַם פֿרישטיק געזעסן און געשמועסט מיט מײַן טישפּאַרטנער. מײַן מיטשמועסער איז געווען אַ דײַטש, אַ דאָקטער פֿון די דרום־געביטן. מיר זענען געזעסן און געשמועסט פֿרײַ. מיר האָבן גערעדט דײַטש, אַ דײַטש ניט פֿון זײַן ראַיאָן, פֿאַראַן ווייניק ראַיאָן־דיאַלעקטן אין דײַטשלאַנד?... שפּעטער, אויפֿן שפּאַציר, איז ער מיר אַנטקעגנגעקומען מיט זײַן הונט. אַ גרויסער, שיינער, געפֿלעגטער הונט. דער הונט איז אויף מיר אַרויף, צעלייגט זײַנע צוויי פֿאָדערשטע לאַפּעס אויף מײַנע אַקסלען, זײַן קערפּער אויף מײַן קערפּער, דעם קאָפּ צוגעדריקט צו מײַן פּנים, כאָטש גיי און קוש זיך מיט אים. מײַן דאָקטער האָט ניט

פֿאַרשטאַנען וואָס דער הונט האָט געפֿילט און פֿאַרשטאַנען. מיר האָבן יאָרן לאַנג אין דער היים געהאַט אַזאַ הונט, און כ'פֿיל נאָך ביז היינט אַ צוגעבונדנקייט צו אַזאַ הונט. אַ הונט פֿילט עס גלייך. מיין דאָקטער האָט ניט אויסגעהאַלטן און איז גלייך אַרויס מיט דער פֿראַגע:

– פֿון וואַנען זייט איר?

– פֿון ישׂראל, – האָב איך רויִק, מיט אַ שמייכל געזאָגט.

מיין דאָקטער איז געבליבן שטיין מיט אַ מינע "נו, גיי ווייס..." און טאַקע, פֿון וואַנען האָט ער געזאָלט וויסן? דעם הונטס מיינונג וועגן מיר האָט אַוודאי גורם געווען אַ קליינע צעמישונג אין דאָקטערס איינגעשטעלטע השׂגות, דער הונט מיט זיין שמעקער האָט אָפּגעוואָרפֿן די נאַצישע ראַסן־טעאָריע. דער דאָקטער האָט געהאַט וועגן וואָס צו טראַכטן. איך האָב זיכער ניט אינסצעניזירט די דאָזיקע ראַסן־דעבאַטע מיטן דאָקטער.

כ'בין אויך ניט אויסן געווען די צעמישונג אין קאָפּ פֿון מיין שטוב־אויפֿראַמערין פֿון האָטעל "סלאַלאָם" אין זערמאַט, אין שווייץ. זי האָט מיך מיט איין מאָל גענומען טראַקטירן ווי אַן אייגענעם, אַ גוטן קאַטאָליק. די סיבה איז געווען, אַז זי האָט ביי מיר אויפֿן נאַכט־טישל געפֿונען אַן אָפֿענע עוואַנגעליע, וועלכע מען געפֿינט אין די מערבֿ־לענדער אין יעדן האָטעל. און איך האָב גראָד פֿאַרן שלאָפֿן געזוכט עפּעס ביים הייליקן לוקאַש...

גיי ווייס אויפֿן סמך פֿון וואָס מען קען אָפּשאַצן אַ מענטש!

מיין פֿריינד מאַנדזען איז געווען געמאָסטן אין זיינע רייד, בלויז דאָ און דאָרט האָט ער באַרירט קונסט–פּראָבלעמען. לויט זיין פּראַנצייזיש האָב איך געוווּסט, אַז ער איז פֿון פּוילן. זיין זאַך, שמייכל, צוגאַנג האָט געשמעקט מיט יידיש. כ'האָב ניט געוואָלט וויטער זוכן, פֿאָרשן – ער איז מיר געווען אינטערעסאַנט און אייגן.

כ'האָב זיינס אַ געמאָלט בילד נאָך קיין מאָל ניט געזען, אָבער האָט ער געזאָגט אַ וואָרט וועגן מאָלעריי, איז עס געווען אַ טיף, פֿאַכמעניש וואָרט. כ'האָב אים גלייך געזאָגט, אַז אין דער קונסט פֿון מאָלעריי בין איך אַ פֿולשטענדיקער פּראָפֿאַן, כאָטש בילדער מאַכן אויף מיר אַן איינדרוק...

דאָס איז ניט דיין שולד, – האָט ער באַמערקט. – שולדיק אין דעם איז דער דערציִונג־סיסטעם. אין דער שולע לערנט מען מוזיק, מען שולט דאָס

אויער, אמת, מיט דער עלעמענטאַרסטער גאַמע דאָ־רע־מי, אָבער דאָס אויג שולט מען ניט עס זאָל זײַן פֿעיִק אויפֿצונעמען פֿאַרשיידענע אָביעקטן, פֿאַרבן, זייער ליכט און שאָטן.

איין מאָל האָט ער מיך געבראַכט צו זיך אַהיים. מיר זענען אַרײַן גלײַך צו אים אין אַטעליע. מײַן בליק האָט צוגעצויגן אַ גרויס בילד אויף אַ בילדגעשטעלט – אַ בלומען־בוקעט. ס׳האָט אַ בליאַסק געטאָן פֿאַר מײַנע אויגן אַ שלל מיט קאָלירן, אַ שפּיל צווישן שאָטן און ליכט, אַלץ צעפּראַלט אין שמייכל און געלעבטער אַזוי, אַז די בלעטעלעך האָבן געטאַנצט, זיך געפֿרייט. כ׳האָב געקוקט מיט באַוווּנדערונג. ער האָט באַמערקט די צופֿרידנקייט אויף מײַן פּנים.

– דו זעסט, אָט וועגן דעם האָב איך דיר אַ מאָל געזאָגט. ניט איין מאָל גייט אַ מענטש פֿאַרבײַ בלומען, אַ בלומען־בוקעט און באַמערקט זיי כּמעט ניט, זײַן אויג איז דערצו ניט געשולט. דער קינסטלער, דורך זײַן בילד, לערנט דיך קוקן, זען זון, שאָטן, קאָלירן, מאַכט לעבעדיק אַ וועלט, וועלכע ניט יעדערער באַמערקט, און ער מאַכט רײַכער, פֿולער דעם אַרום...

מאָנדזען איז אַרײַן אין אַ שמועס וועגן בילד און זײַן ווירקונג. כ׳האָב געהערט מיט אינטערעס, געפֿילט, אַז דאָס רעדט אַ מענטש – אַ מומחה אין דער זאַך. מיט איין מאָל איז ער אַוועק אויף אַן אַנדערן, פֿאַר מיר אומגעריכטן וועג.

– ווייסט, אויפֿן רעגירונגס־פּלאַץ (געווען אַזאַ פּלאַץ אין אַלזשיר), אַנטקעגן דער סטאַטוע "דער מאַן אויפֿן פֿערד", איז פֿאַראַן אַ קירך, וועלכע עס באַזוכט די פּוילישע עמיגראַציע. פֿאַראַן דאָרט אַ פּוילישער גלח, וועלכער פֿירט דורך דאָס גאָטסדינסט. איין מאָל איז ער צו מיר צוגעשטאַנען, איך זאָל פֿאַר דער קירך מאָלן אַ הייליק בילד. ער האָט אַזוי שיין געבעטן, האָב איך אים צוגעזאָגט.

כ׳האָב זיך צוגעהערט צו זײַנע רייד ווי גלײַכגילטיק, באַהאַלטן מײַן שטוינונג. ווען כ׳האָב דעם גלח געזאָגט, האָט ווײַטער גערעדט מאָנדזען, אַז כ׳האָב דערפֿילט זײַן ביטע, אַז דאָס בילד איז פֿאַרטיק, איז ער געווען באַגײַסטערט. ס׳איז אָנגעגעבן געוואָרן אַ טאָג, אַ שעה, ווען מען וועט דאָס בילד באַשפּריצן, הייליקן. די ידיעה וועגן דער פֿײַערלעכקייט איז זיך

צעגאַנגען צווישן די פּוילישע גלייביקע. צו דער שעה פֿון דער פֿײַערלעכקייט האָט זיך שוין פֿאַר דער קירך אָנגעזאַמלט אַ היפּשער עולם. די שפּאַנונג איז געוואַקסן ווען דער גלח איז אָנגעקומען מיטן בילד אונטערן אָרעם. דער עולם האָט זיך צוגעשאַרט, זיך געדריקט צו אים, ניט אַראָפּגעלאָזט די אויגן פֿון בילד. דער גלח האָט מיט שווערקייט דורכגעמאַכט דעם וועג, אַרויף אויף די טרעפּ פֿון דער קירך. האָסט געדאַרפֿט זען די אויסגעשטרעקטע הענט צום גלח, צום בילד. אין אַ געוויסן מאָמענט האָט דער גלח אויפֿגעהויבן דאָס בילד הויך, איבער זײַן קאָפּ, אויסגעדרייט זיך צום עולם מיטן בילד. אַ פֿליסטער האָט אויסגעפֿילט די לופֿט, אַן עקסטאַז, כ'האָב געמיינט, אַז נאָך אַ מינוט און זיי וועלן זיך אַראָפּלאָזן אויף די קני... דער גלח האָט זיך פֿאַמעלעך אויסגעדרייט און צוזאַמען מיטן עולם איז ער אַרײַן אין דער קירך. האַלטנדיק דאָס בילד אין ביידע הענט אין דער הייך איז ער געגאַנגען צום אַלטאַר. ווען די קונסט באַפֿרײַט זיך פֿון די הענט פֿון קינסטלער הייבט זי אָן צו ווירקן מיט איר אייגענעם כּוח, - האָט מאָנדזען ווײַטער געצויגן זײַן געדאַנק.

איך בין געווען ווײַט אַוועק ערגעץ אין די געסלעך פֿון אַלטן פּראָג, פֿון קראָקע האָב איך געזען אַן אַנטי־ייִדישן געלאַף... מײַן קאָפּ האָט זיך געדרייט פֿון רעכטס אויף לינקס, פֿון לינקס אויף רעכטס, פֿאַרניינט, ניט געוואָלט אָננעמען מאָנדזענס אידילישע באַשרײַבונג.

מאָנדזען האָט איבערגעריסן, פֿאַרטראַכט, די אויגן האָט פֿאַרנעפּלט אַן אומעט. הינטער דעם שלייער פֿון אומעט איז געווען אַ נעכטן, אַ פֿאַרגאַנגענהייט, אַ לעבן. מיט אַ ברוטאַלער פֿראַגע אַראָפּרײַסן דעם שלייער האָב איך אַפֿילו ניט געטראַכט. מאָנדזען איז געווען זייער פֿילבאַר - ווי זאָגן עס די פֿראַנצויזן: אַ מענטש אָן אַ הויט. בין איך געבליבן זיצן פֿאַרטראַכט מיט מײַן רעטעניש.

איין מאָל, אין אַ זונטיקדיקן פֿרימאָרגן, בעתן שפּאַציר איבער מײַן קוואַרטאַל, האָב איך אין אַ זײַטיקער גאַס פֿון מישלע באַמערקט ווי אַ פֿרוי מיט אַ ווײַסן שאַל אויפֿן קאָפּ און אַקסל, מיט אַ געבעטבוך אין האַנט, געשטיצט אויפֿן אָרעם פֿון אַ מאַן גייט אין דער קירך. דאָס זענען געווען מאָנדזען און זײַן פֿרוי. זי איז געווען געקליידט אין שוואַרץ און ער אין אַ

טונקל־בלאָען קאָסטיום –ביידע אָנגעטאָן צום הייליקן מאָרגן־געבעט. כ׳האָב זייביידן גוט געזען, פֿון הינטן. ניט מאָנדזען, ניט זײַן פֿרוי האָבן מיך געזען.

כ׳האָב זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ אָרטיקע מענטשן וועגן דער פֿרוי. זי איז געווען אַ קינדער־דאָקטער, זייער אַ קאַטוילישע. דאָס איז אַלץ וואָס איך האָב געקענט געוויר ווערן. קיין רויטער פֿאָדעם צו מאָנדזענס לעבנסוועג איז עס ניט געווען.

כ׳בין געזעסן אין הויז פֿון אַ פֿרײַנד אין אַלזשיר. געזעסן און געהערט מוזיק. ס׳איז געווען בעטהאָווענס דריטע סימפֿאָניע. דער טרויערמאַרש איז אונדז דעמאָלט אַלעמען געלעגן אויפֿן האַרצן. מיר האָבן געהערט, שטיל, געטרונקען קאַווע און דערנאָך זייער ווייניק דיסקוטירט. ס׳איז דאָרט אויך געזעסן אַ יונגער, סימפּאַטישער מענטש, וועלכער האָט געהערט, געשוויגן, אָבסערווירט. נאָך אַ געוויסער צײַט בין איך אויפֿגעשטאַנען, זיך געזעגנט און אַוועק. כ׳בין שוין געווען ווײַט אויף דער גאַס ווען כ׳האָב דערהערט הינטער זיך שנעלע, לויפֿנדיקע טריט. דאָס איז אונטערגעלאָפֿן דער, וואָס איז געזעסן מיט אונדז צוזאַמען אין שטוב.

– ביסט פֿון פּוילן! – האָט ער גלײַך אויסגעשאָסן.

– יאָ, און דו פֿון וואַנען?

– פֿון וואַרשע.

– קענסט פּויליש, ייִדיש?

– יאָ, אָבער איך רעד בלויז פֿראַנצייזיש.

– אַזאַ פּרינציפּ?

– יאָ.

דאָס איז געווען לואי מיטעלבערג, אַ טיפּיש וואַרשעווער ייִדיש ייִנגל, הײַנט אין דער קאַריקאַטור־וועלט באַקאַנט אונטער די נעמען מיטעל, טים. שוין דעמאָלט האָבן זיך זײַנע קאַריקאַטורן באַוויזן אין דער פֿראַנצייזישער פּרעסע, כאַראַקטעריסטישע מיט זייער אייגנאַרטיקן סטיל. דאָס האָט ער שפּעטער אין דער פּאַריזער פּרעסע פֿאַרעפֿנטלעכט די באַקאַנטע קאַריקאַטור, אַ רעפּליק אויף דע־גאָלס אויסדרוק ״דער ייִד איז שטאָלץ און זעלבסטזיכער״. די צייכענונג ווײַזט דעם קליינעם ישׂראליק, וואָס האַלט זיך

מיט איין האַנט אין די לאַגער־שטעכלדראָטן, די צווייטע פֿאַרלייגט הינטערן לאַגער-העמדל אויף דער ברוסט, אַלאַ נאַפּאָלעאָן, שטאָלץ און זיכער... לואי איז אין פֿראַנקרײַך אַרײַן אין די פֿרײַוויליקע פֿרעמדן־באַטאַליאָנען, גענומען געוואָרן מיט זיי אין געפֿאַנגענשאַפֿט, געזעסן אין די לאַגערן, פֿון וועלכע עס איז אים געלונגען צו אַנטלויפֿן, און לוסף אין די מלחמה־יאָרן אָנצוקומען קיין אַלזשיר. ער האָט געהאַלטן פֿון זײַן פּרינציפּ, גערעדט בלויז פֿראַנצייזיש.

– איך לעב דאָ, באַלד וועל איך אַריבערפֿאָרן קיין פּאַריז. כ'האָב בדעה דאָרט צו בלײַבן און קוים וויל איך דאָרט בלײַבן, מוז איך קענען גוט די שפּראַך. וויל מען רעדן גוט די שפּראַך, מוז מען לאָזן אין אַ זײַט אַלע אַנדערע שפּראַכן.

מיר האָבן זיך געטראָפֿן אין די קאַפֿעהײַזער, אין קרײַזן פֿון אינטעלעקטואַלן, ווײַנונגען, ווו ס'זענען זיך צונויפֿגעקומען קינסטלערס, שרײַבערס, געבוירענע דאָ אָדער פֿאַרטראָגענע קיין אַלזשיר – גאָר הויכע נעמען, וועלכע זענען ערשט שפּעטער באַקאַנט געוואָרן. בײַ אַ גלעזל קאַווע, בײַ אַ סענדוויטש, האָט מען געשמועסט, דיסקוטירט, בולט געמאַכט דאָס אינטעלעקטועלע, פּאָליטישע פּנים פֿון אַלזשיר, פֿראַנקרײַך.

איין מאָל האָבן מיר שפּאַצירט איבער די אַלזשירער גאַסן זאַלבע דריט: מיטעל, מאָנדזען און איך. אַ צופֿעליקע טרעפֿונג? איך דערמאָן זיך ניט ווי אַזוי ס'איז דערצו געקומען. כ'האָב פֿאָרגעשטעלט איינעם דעם אַנדערן. ווען מאָנדזען האָט דערהערט מיטעלס נאָמען האָט ער אויף אים שאַרף אַ קוק געטאָן.

– אײַער קאַריקאַטור "מײַן ווײַב איז אַ זשאַנדאַרם" איז מיר זייער געפֿעלן, – האָט מאָנדזען אַ זאָג געטאָן. מיטעל האָט גאָרניט געזאָגט.

אַ פּאָר חדשים שפּעטער זענען מיר, מיטעל און איך, שוין געווען אין פּאַריז. די שׂימחה איז געווען גרויס ווען מיר האָבן זיך געטראָפֿן. ער האָט מיר אַהיים געבראַכט אַ העפֿט מיט צייכענונגען פֿון גרופּעס, איינציקע מענטשן, געצייכנט לײַכט, מיט אַ בלײַער.

– דאָס איז "מאַדאַגאַסקאַר"! – האָב איך אויסגערופֿן, ווײַזנדיק אויף איינעם פֿון זײַנע געצייכנטע טיפּן.

– יאָ, – האָט אַ דערפֿרייטער אויסגערופֿן מיטעל, – האָסט אים דערקענט!

"מאַדאַגאַסקאַר" איז געווען אַ יִדישער שנײַדער, וועלכער איז געווען אין שפּאַניע. נאָך די קאַמפֿן איז ער, ווי מיר אַלע, אינטערנירט געוואָרן אין די לאַגערן אין פֿראַנקרײַך. בײַ יעדער געלעגנהייט האָט ער געשאַפֿן אַ ייִדישן כאָר, אַליין געזונגען, ספּעציעל דאָס ליד "מאַדאַגאַסקאַר", אַ סאַטירע אויף דער פּוילישער צווישן־מלחמהדיקער רעגירונג, וועלכע האָט געוואָלט לייזן די ייִדן־פֿראַגע דורך פֿאַרשיקן די ייִדן קיין מאַדאַגאַסקאַר. אפֿשר וועט פּוילן מיט דער צײַט באַקומען רעכט צו קאָלאָניזירן מאַדאַגאַסקאַר... ער איז מיט דער צײַט אַרויס פֿון די לאַגערן, זיך אָנגעשלאָסן אין די פֿראַנצייזישע פֿרעמדן־באַטאַליאָנען און געהאַט דעם זעלבן גורל וואָס מיטעל.

– ווייסט, – האָב איך אים געזאָגט, – ער איז דאָ אין פּאַריז, קום לאָמיר אים אויפֿזוכן!

כ'האָב געהאַט "מאַדאַגאַסקאַרס" אַדרעס און מיר האָבן זיך גלײַך געלאָזט אים זוכן – מיטן מעטראָ, מיטן אויטאָבוס. ווען מיר זענען געקומען אויפֿן אָרט, האָט ער שוין געהאַט געביטן זײַן וווינונג. מיר האָבן ניט געהאַט די סאַטיספֿאַקציע צו געפֿינען דעם ייִדישן שנײַדער, וועלכער האָט אַזוי ליב געהאַט אַ ייִדיש ליד. מיר האָבן עס געמוזט אויפֿגעבן. מיר זענען, ווי אַ מאָל אין אַלזשיר, אַוועק צו דער זעלבער פֿרוי, וועלכע איז איצט שוין געווען אין פּאַריז, אויף אַ טרעפֿונג פֿון קינסטלערס, שרײַבערס, זשורנאַליסטן. אין צימערן פֿולע מיט שמועס און טומל איז ניט געווען קיין צײַט צו כאַפּן אַן אינטימען שמועסן.

לואי איז דערנאָך געקומען צו מיר אין דער פּוילישער צײַטונג, אין פּאַריז, אויפֿצוזוכן אַ צייכענונג פֿון זײַן פּראָפֿעסאָר פֿון דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע, לינקע, זי איז געווען פֿאַרעפֿנטלעכט אין אַ פּוילישער וואָכן־צײַטונג – אַ געשטאַלט פֿון אַ ייִד אין טלית און תּפֿילין געצייכנט פֿון חורבֿות־ציגל אויפֿן פּאָן פֿון דער חרובֿער וואַרשעווער היים. מיטעל האָט שטאַרק געוואָלט האָבן די דאָזיקע צייכענונג און ער איז געווען זייער גערירט ווען איך האָב זי אים געגעבן. כ'האָב ניט געקענט אַפֿילו מיט אים שמועסן.

מיר האָבן זיך נאָך ניט איין מאָל געטראָפֿן, אָבער וועגן מאָנדזשן איז אונדז, די איינציקע עדות וועגן אים אין אַלזשיר, ניט אויסגעקומען צו רעדן.

יאָרן, לאַנגע יאָרן זענען פֿאַרבײַ, און דער זכּרון איז אומברחמנותדיק, ער מאָנט אומאויפֿהערלעך צו דערגאַנצן פּרטים פֿון אַ געשטאַלט, וועלכע האָסט געקענט און איז דיר געבליבן ניט קלאָר. אָבער אויף די טויערן פֿון לעבן איז ניטאָ קיין אויפֿשריפֿט ווי אויף די טויערן פֿון דאַנטעס גיהנום: ״זאָלן די, וועלכע גייען דאָ אַרײַן, פֿאַרלירן יעדע האָפֿענונג״. די דאָזיקע האָפֿענונג איז יאָ מקוים געוואָרן. געשען איז עס אין אַ מאָמענט ווען כ׳האָב וועגן דעם בכלל ניט געטראַכט!

אין גענף האָבן מיך מײַנע פֿיס פֿאַרטראָגן אין איינעם פֿון די מוזייען, מיט וועלכע די דאָזיקע שטאָט איז אַזוי רײַך, אין אַ מוזיי אונטערן נאָמען ״לע פּעטי פּאַלע״. כ׳געדענק דעם ״פּעטי פּאַלע״ פֿון פּאַריז, גאָרניט צו באַגאַטעליזירן! בין איך אַרײַן אַהין אַ קוק טאָן.

דער ״פּעטי פּאַלע״ פֿון גענף אונטערשיידט זיך בולט פֿון דעם אין פּאַריז. דאָס איז ניט קיין גרויסע האַלע, ווי אין פּאַריז, נאָר פּשוט אַ הויז פֿון עטלעכע שטאָק און טאָקע מיט אַ ליפֿט. ער האָט ניט, ווי אין פּאַריז, קיין צײַטווײַליקע אויסשטעלונגען, נאָר בילדער, וועלכע הענגען דאָרט שטענדיק. אַ טייל בילדער ליגן סתּם, צוזאַמען, ווי אין אַ מאַגאַזין. זעסט אַפֿילו ווי מען פֿירט דעם אָדער יענעם באַזוכער, אַ מעגלעכן קויפֿער, צו באַקוקן באַזונדערע בילדער, דאָס איז מער אַ מוזיי־גאַלעריע.

געווען זענען דאָרט בילדער פֿון גרויסע קינסטלערס, אָבער האָסט עס ניט באַמערקט פֿון ערשטן בליק. ערשט נאָכן איבערלייענען דעם נאָמען פֿון קינסטלער האָסטו אַרויסגעזאָגט דײַן פֿאַרוווּנדערטן ״וואָס?״. כ׳בין געשטאַנען פֿאַר אַן אויסשטעלונג פֿון ערשטע, אומבאַקאַנטע אַרבעטן פֿון שפּעטער גוט באַקאַנטע קינסטלערס. געווען זענען דאָס אָנהייב־אַרבעטן פֿון מאָדיליאַני, קיסלינג און אַנדערע, אויף וועלכע ווייניק ווער האָט געשענקט אויפֿמערקזאַמקייט. בלויז דער אַמסטערדאַמער וואַן־גאָג־מוזיי האָט אָפּגעשאַצט דעם באַטײַט פֿון אַזעלכע אָנהייב־ווערק און זיי געהעריק אויסגענוצט. די אויסשטעלונג פֿון די אַרבעטן פֿון דעם דאָזיקן גרויסן

קינסטלער הייבט זיך דאָרט אָן פֿון זײַנע פֿריִע צייכענונגען, וועלכע האָבן נאָך ווײַט ניט די באַזונדערע קראַפֿט פֿון די שפּעטערדיקע אַרבעטן. גייסט דאָרט פֿון בילד צו בילד, ביז קומסט אַרײַן אין די טיפֿע, מעכטיקע קאָנטורן פֿון וואַן גאָגס שאַפֿן. ניט פֿאַראַן קיין בעסערער אופֿן אים צו דערקענען, ווי גיין פֿון אָנהייב פֿון זײַן אַנטוויקלונג ביז די לעצטע שטריכן פֿון זײַן מאָלער־פּענדזל. די אויסשטעלונג אין אַמסטערדאַם איז אַ שפּיגל פֿון וואַן־גאָגס שאַפֿונגסוועג. ער איז אַפֿילו דערגאַנצט מיט אַ רײַכער קאָלעקציע פֿון זײַנע בריוו צו זײַן ברודער טעאָ, בריוו, וועלכע זענען ניט ווייניקער מיסטעריש.

בין איך אַ פֿאַרכּישופֿריקער געגאַנגען איבער די זאַלן פֿון "פּעטי פּאַלע", און ניט זעלטן איז אַ שמייכל אַרויף אויף מײַנע ליפּן, קוקנדיק אויף די ערשטע שטאַמלדיקע טריט פֿון ניט איינעם פֿון די שפּעטערדיקע רײַכע, באַצויבערנדיקע טאַלאַנטן. מיט אַ מאָל איז מײַן בליק געפֿאַלן אויף אַ פּאָר בילדער פֿון... מאָנדזען! אַ וואַרעמקייט האָט מיך אַרומגענומען. כ'האָב גענומען זוכן נאָך בילדער פֿון אים – כ'האָב געפֿונען. איך האָב אויך געפֿונען אַן אַלבאָם, וועלכן מען טרעפֿט וועגן אַ קינסטלער און זײַן שאַפֿונג, מיטן נאָמען פֿון קינסטלער אויפֿן טאָוול. בײַם פֿאַרלאָזן דעם מוזיי האָב איך מיט צווייפֿל אַ פֿרעג געטאָן, צי כ'קען קויפֿן אַזאַ אַלבאָם. מען האָט אים מיר גלײַך געבראַכט און פֿאַרקויפֿט. די מיטאַרבעטער פֿון מוזיי האָבן מיט מיר ניט גערעדט, זיי האָבן אַוודאי באַמערקט מײַן טיפֿע גערירטקייט.

כ'בין אַוועק אין האָטעל מיטן אַלבאָם, פֿעסט געדריקט אונטער מײַן אָרעם.

אַליין אין האָטעל־צימער, נאָענט צום קאַמין, מיט אַ גלעזל קאַווע אויפֿן טישל, האָב איך מיט אומגעדולד געעפֿנט דעם אַלבאָם, אַרויסגעגעבן דורכן מוזיי גראַנע עקס–אַן–פּראָוואַנס אין יאָר 1983. שוין פֿאַרן טעקסט האָט געקוקט אויף מיר מײַן חבֿר פֿון אַלזשיר מיט אַ רויִקן בליק, וואָס קוקט און וויל בלויז הערן וואָס דו זאָגסט... כ'האָב זיך ניט געאײַלט, כ'האָב געוווּסט, אַז אין דעם אַלבאָם, וואָס האָט אַרום 200 זײַטן, וועל איך שוין אָן צו פֿרעגן געפֿינען אַן ענטפֿער אויף ניט איין פֿראַגע.

ווײַזט זיך אַרויס, אַז איך בין ניט דער איינציקער, וועלכער איז

געשטאַנען פֿאַר אַ מענטש אַ פֿאַרשלאָסענעם. ס׳האָט זיך גענייטיקט אַ רײַכע זאַמלונג פֿון (אויב אַפֿילו!) קנאַפּע, קאַרג באַצייכנטע פּערזענלעכע נאָטיצן, כּדי עס זאָל קלאָר ווערן זײַן אינערלעכע און אויסערלעכע וועלט. דער אַלבאָם איז פֿאַרזען מיט אַן אַרײַנפֿיר פֿון זײַן טאָכטער מאַרי־זשאָזע באָדינג־מאָנדזען "דער לעצטער בריוו צו מײַן פֿאָטער". שטרײַכט עס בולט אונטער: "די דאָזיקע בריוו האָבן דעם ציל צו דערמעגלעכן בעסער צו דערקענען דעם מאָלער. בלויז די דאָזיקע פֿאָר בריוו – די אַנדערע האָט מאָנדזען אַוועקגעוואָרפֿן...".

פֿון די ערשטע זײַטלעך ווייסן מיר גלײַך, אַז מיר האָבן פֿאַר זיך אַ ייִדיש ייִנגל, שמאי מאָנדשײַן, געבוירן אין כעלם. ווען? גענוי ווייסט מען ניט. "דער טאַטע האָט געזאָגט אַז אין יאָר 1889, סוכּות (אין פֿראַנצייזישן טעקסט SUKES און אין קלאַמערן צוגעגעבן דעם פּוילישן אויסדרוק KUCKI). די מאַמע האָט געזאָגט, אַז כ׳בין געבוירן געוואָרן פֿריִער". דער טאַטע און די מאַמע זענען ביידע געשטאָרבן – בײַ די עלטערן האָבן זיך בלויז פֿאַרמישט צוויי דאַטעס, די ייִדישע און די ניט־ייִדישע... מאָנדזען האָט אַ גוטן זכּרון. ער ווייס, אַז ער איז געווען דער עלטסטער פֿון דער משפּחה, אָבער נאָר צוליב דעם, וואָס די פֿריִערדיקע ברידער זענען געשטאָרבן אין דער קינדהייט. אים האָט מען אָנגעטאָן אַ סאָלדאַטישן שינעל – אַ סגולה, ער זאָל לאַנג לעבן...

עס איז ניט געווען קיין לײַכטע אויפֿגאַבע... געלעבט האָט די משפּחה אין קעלער פֿון בעריש קופּפּערס קרעטשמע. ס׳איז געווען נאַס, פֿון די ווענט האָט געררונען וואַסער. אויף די ווענט זענען געווען צעהאָנגען כאָמוטן, פֿאַרשטויבטע, ס׳האָט זיך פֿון זיי געטראָגן אַ געשטאַנק פֿון לעדער. אין קעלער איז געווען פֿינצטער. אַפֿילו דער אַרײַנגאַנג האָט געמוזט זײַן באַלויכטן.

פֿון אָנהייב איז געווען דער דרדקי־חדר. מען האָט דאָרט געלערנט אַלף־בית און די ברכות. ווען ער איז אַלט געוואָרן 7 יאָר האָט מען אים אָפּגעגעבן אין יאַנקל שנאָרערס חדר (אין פֿראַנצייזישן טעקסט איז טייל מאָל געשריבן "שנאָרער", טייל מאָל "שאָנרער"). חוץ דעם רבין זענען דאָרט געווען דרײַ לערערס (אין קלאַמערן – "העלפּערס"), דער ייִנגערער פֿלעגט

ברענגען עסן פֿאַר די קינדער, ווײַל די קינדער האָבן געלערנט אַ גאַנצן טאָג.

דעם טאַטנס חלום איז געווען צו מאַכן אים פֿאַר אַ רבֿ. דערווײַל האָט ער אים אַרײַנגעצויגן אין די זאָטל־אַרבעטן. די דאָזיקע רויע אַרבעט איז אים ניט געפֿעלן. ווען אין כעלם האָט זיך געשאַפֿן אַ ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע, האָט ער זיך אָן איר אָנגעשלאָסן, געוואָרן אַ מיטגליד אין איר ביבליאָטעק. דאָרט האָט ער אַנטדעקט אַ וועלט. מאָלערײַ האָט אים שוין לאַנג אינטערעסירט, אָבער דאָ איז ער געוווּיר געוואָרן פֿון פֿעלקער, לענדער, קינסטלערס, ייִדישע קינסטלערס, ווי איזראַעלס, אַנטאָקאָלסקי. ווען ער האָט דערציילט אין דער היים וועגן זײַן ווילן צו ווערן אַ קינסטלער, אַ סקולפּטאָר, האָט אים דער טאַטע פֿאַרשאָלטן:

– וואָס? ווּעסט מאַכן געטשקעס?!

ער איז זייער יונג געווען, בײַ 12 יאָר, ווען ער איז אַנטלאָפֿן פֿון דער היים קיין וואַרשע. דאָרט האָט ער געאַרבעט שווער בײַ זאָטל־מאַכערײַ, בײַ רעטושירן כּדי צו פֿאַרדינען אויפֿן לעבן. ס׳איז אים ניט לײַכט געווען. ער האָט זיך לסוף צוריק אומגעקערט אַהיים. צו 14 יאָר איז ער ווידער אַנטלאָפֿן פֿון דער היים. ער איז אָנגעקומען אין דער וואַרשעווער אַקאַדעמיע. דאָרט איז ער אַרײַנגעצויגן געוואָרן אין די רעוואָלוציאָנערע קרײַזן און געווען פֿאַרפֿאָלגט דורך דער צאַרישער מאַכט. ער האָט געמוזט אַ געוויסע צײַט זיך אויסבאַהאַלטן אין לובלין. צו 18 יאָר איז ער אָנגענומען געוואָרן אין דער קייזערלעכער קונסט־אַקאַדעמיע אין קראָקע, ווו ער האָט געלערנט בײַ פּאַנקעוויטשן און אַנטדעקט די ווערק פֿון די גרויסע פֿראַנצייזישע קינסטלערס – אימפּרעסיאָניסטן רענואַר, גאָגען, סעזאַן א. א. צו 18 יאָר האָט ער אַן אויסשטעלונג אין וואַרשעווער סאַלאָן פֿאַר שיינער קונסט – אַ פֿעיִקער חבֿרהמאַן האָט ער געמוזט זײַן. אין זעלבן יאָר האָט ער באַקומען אַ סטיפּענדיע אויף אַ רײַזע קיין פּאַריז. אין אַ יאָר אַרום האָט ער שוין אַן אויסשטעלונג אין בערלין און אין יאָר 1912 איז ער שוין צום צווייטן מאָל אין פּאַריז, ווו ער טרעפֿט זיך מיט די אָנגעזעענסטע קינסטלערס פֿון דער פּאַריזער שולע: דערען, סעגאָנזאַק, פּריס, פּיקאַסאָ, פֿלאַמענק, מאַקס יאַקאָב, מיט וועלכע ער קניפּט אָן אַ לאַנג דויערנדיקע

פֿרײַנדשאַפֿט. צו 22 יאָר האָט ער שוין אַן אויסשטעלונג אין מינכען צוזאַמען מיט דערען און פֿלאַמענק. ער הייבט אָן זײַנע קינסטלערישע טריט אין פּאַריז.

עס קומט דער ערשטער וועלטקריג. זײַנע חבֿרים ווערן מאָביליזירט, אָבער ער ניט, ער איז ניט קיין פֿראַנצויז. בלײַבן אין דער היים? דאָס קען ניט זײַן! שליסט ער זיך אָן אין פֿרעמדן־לעגיאָן. שווערע טעג זענען עס פֿאַרן יידישן בחור פֿון כעלם. די מאַמע האָט אים אַפֿילו אָנגעטאָן אין אַ סאָלדאַטישן שינעל ער זאָל געזונט זײַן און בלײַבן לעבן. ער איז געזונט, האַלט אויס די קוילן אויפֿן פֿראָנט, אָבער די סבֿיבֿה פֿון פֿרעמדן־לעגיאָן איז ניט לײַכט אויסצוהאַלטן. ווי קומט מען אַרויס פֿון דער דאָזיקער איינהייט? ער ווענדט זיך צו זײַנע פֿראַנצייזישע חבֿרים זיי זאָלן אים העלפֿן. זײַן פֿרײַנד, דער דיכטער רײַמאָל באַריע, שפּאַנט זיך אײַן אים צו העלפֿן. ס'איז שווער. מאָנדזען פֿיגורירט ניט אויף דער ליסטע פֿון די פּוילישע איינהייטן. גיי קלער אויף אַ פֿראַנצויז, אַז אַ ייִד וועלכער איז געבוירן אין כעלם, וואָס געהערט (דעמאָלט) צו רוסלאַנד, איז ניט קיין פּאָליאַק... ס'ווערט זיך לאָזן דערליידיקן, שרײַבט אים באַריע, "אָבער ווען איך בעט בײַ דיר מיר אָנגעבן מער איינצלהייטן שרײַבסטו מיר פֿיר זײַטן וועגן דער ייִדישער ראַסע... דו מוזט מיר שרײַבן קלאָר..."

רײַמאָן באַריע איז אַן אויפֿריכטיקער, גוטער מענטש. מאָנדזען איז געקומען קיין פֿראַנקרײַך אין יאָר 1912, קוים צוויי יאָר פֿאַרן אויסבראָך פֿון קריג. איז ער שוין געווען אין נאָענטער פֿרײַנדשאַפֿט מיט באַריע.ביידע האָבן זיי געשאַפֿן "די קאַפּריזן פֿונעם טײַוול". באַריע האָט געשריבן דעם טעקסט און מאָנדזען האָט געמאַכט די צייכענונגען – אַ שאַפֿונג מיט אַ שאַרפֿן אַנטי־מלחמה־אַקצענט. באַריע האָט גערן געהאַט מאָנדזענען און מאָנדזען האָט באַריען הויך געשעצט. אין זײַן ווידמונג האָט ער געשריבן: "מײַן טײַערן רײַמאָן באַריע – צווישן די קליינע און גרויסע קרייצוועגן טרעפֿט מען נאָך אַ האַרציקן מענטש...".

צי האָט מאָנדזען באַוויזן קלאָר צו מאַכן זײַן פֿראַנצייזישן פֿרײַנד זײַן נאַציאָנאַלע אָנגעהעריקייט? צי איז ער אַריבערגעפֿירט געוואָרן אין אַן אַנדער איינהייט? מאָנדזען האָט כמעט ניט געלאָזט נאָך זיך קיין נאָטיצן,

קיין דאָקומענטן. צופֿעליקע בריוו דערמעגלעכן קוים צו שאַפֿן זיך אַ בילד פֿון זײַן חבֿרים־קרײַז. עס וואַרפֿן זיך איבער בריוו פֿון גרויסע מאָלערס און קולטורמענטשן, מיט וועלכע ער איז געשטאַנען אין ענגער פֿאַרבינדונג. ער האָט זיך איבערגעשריבן מיט אַנדרע דערען, וועלכער איז געשטאַנען בראָש פֿון דער פֿאָוויסטישער גרופּע. ער האָט געאַרבעט צוזאַמען מיט די מאָלערס מאַטיס, בראַק, פּיקאַסאָ, פֿלאַמענק. דערען איז געווען אויפֿן פֿראָנט, אין דער נײַנטער אַרטילעריע־גרופּע פֿון 82סטן רעגימענט. זײַנע בריוו האָבן זיך געצויגן ביזן סוף פֿון קריג און דערען האָט שוין אויף אים געוואַרט מיט נאָכקריג־פּלענער פֿון אַרבעט, אויסשטעלונגען.

אויך דע־סעגאָנזאַק – אַן אויסערגעוויינלעכע גראַפֿישע קראַפֿט, ער האָט איבערגעלאָזט נאָך זיך איבער צוויי טויזנט שאַפֿונגען! – האָט געשריבן, אים אינפֿאָרמירט וועגן דער קינסטלערישער טעטיקייט, וועלכע גייט אָן אין פּאַריז, וועגן די אויסשטעלונגען, וועלכע קומען פֿאָר אין נאָרוועגן, אין שווייץ. דערבײַ האָט ער אים דערציילט מיט שטאָלץ, אַז זײַן איינהייט איז דורכן 20סטן קאָרפּוס אויסגעצייכנט געוואָרן פֿאַר איר אָנגריף אויפֿן סאָם־אָפּשניט. ער האָט אים דערציילט וועגן אַ באַזוך אין פּאַריז און אים געגעבן אַ פּאָזיטיווע אָפּשאַצונג וועגן די בילדער, וועלכע מאָנדזען האָט צוגעשיקט פֿאַר דער אויסשטעלונג פֿון די אומאָפּהענגיקע: "שטאַרקע פֿאַרבן – ווי דו ביסט עס פֿעיִק!". ער האָט געשריבן וועגן געמיינזאַמע באַקאַנטע, וועלכע ער האָט געטראָפֿן אין פּאַריז אויף אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג פֿון מאַקס יאַקאָב, וועגן חבֿרים, וועלכע זענען געפֿאַלן, וועגן דעם, אַז מאַקס יאַקאָב איז אַריבער צום קאַטאָליציזם. דע־סעגאָנזאַק האָט געהאַט אַ גאָר וואַרעמע באַציִונג צו מאָנדזענען. זײַן געשענקט בילד האָט ער אונטערגעשריבן: "דעם אַלטן גוטן פֿרײַנד און גוטן מאָלער מאָנדזען".

אויך עמיל אָטאָ פּריס פֿון נאָרמאַנדיע, אַ קרעפּטיקער מאָלער פֿון דער פֿאָוו–גרופּע האָט פֿון די פֿראָנטן פֿון ערשטן וועלטקריג אָנגעהאַלטן מיט מאָנדזענען אַ לאַנגע קאָרעספּאָנדענץ. בעתן קריג, נאָכן קריג – לאַנגע בריוו וועגן אַרבעט און פּלענער.

פֿון אַ באַזונדערן אינהאַלט זענען די בריוו פֿון משה קיסלינג, אויך אַ מיטשילער פֿון דער קראָקעווער קונסט־אַקאַדעמיע. ער שרײַבט אין פּויליש

צו שאַמעלען, לערנט אים זיך ניט איבערנעמען מיט די חזירײַען, וועלכע מען טוט אים אָן, און ווינטשט אים ס׳זאָל אים גאָרניט געשען, ער זאָל לעבן הונדערט און צוואַנציק יאָר... ער שרײַבט זיך אונטער ״דײַן מאָניעק״. פֿון זײַן בריוו, געשריבן אין יאָר 1916, ווייסן מיר, אַז ער איז אַ טובערקולאָז־קראַנקער געקומען פֿון דרום־פֿראַנקרײַך, איצט איז אים באַזונ־דערש שווער. ״כ׳בין קראַנק, כ׳האָב ניט קיין גראָשן בײַ דער נשמה, און אין פּאַריז איז שווער פֿאַר אַ קינסטלער צו לעבן... קיינער קויפֿט ניט. בררר...״

צאָלרײַכע בריוו זענען אַרײַן אין דעם בוך. און וויפֿל זענען ניט אַרײַן? כ׳האָב געלייענט און געלייענט, אַרײַן אין מאָנדזענס וועלט. כ׳האָב געלייענט, אַז אין די יאָרן 1914–1918 האָט מאָנדזען געאַרבעט איבער אַ בילד פֿון הייליקן פֿראַנסוּאַ פֿון אַסיזש. כ׳האָב זיך דערמאָנט וועגן זײַן בילד פֿון דער הייליקער מאַריע, וועגן וועלכן ער האָט מיר דערציילט. כ׳האָב זיך פֿאַרהאַלטן אויף דער ידיעה, אַז מאַקס יאַקאָב איז אַריבער צום קאַטאָליציזם. מאָנדזען האָט צו אים געהאַט אַ זייער חבֿרישע באַציִונג. מאַקס יאַקאָב איז געווען אַ גאַנץ אָריגינעלער טיפּ, אַ פֿעיִקער מענטש – אַ מאָלער, אַרטיסט, דראַמאַטורג, פֿילאָסאָף.

ווען ער האָט אויף אַן אויסשטעלונג געזען די בילדער פֿון פּיקאַסאָ, האָט ער באַשלאָסן אים אויפֿצוזוכן, אויסצודריקן זײַן באַוווּנדערונג. אָבער מאַקס יאַקאָב, וואָס האָט שטענדיק געטראָגן אַ מאָנאָקל אויפֿן רעכטן אויג, האָט קיין לײַטישן קאָסטיום ניט געהאַט. איז ווי גייט מען צו פּיקאַסאָ סתּם אַזוי זיך? האָט ער זיך פֿאַרשאַפֿט אַ פֿראַק, אַ צילינדער און אַזוי איז ער דערשינען פֿאַר פּיקאַסאָ. פּיקאַסאָ האָט אים אָנגענומען פֿאַר אַ רײַכן טוריסט, אָבער גאָר גיך האָט ער געזען מיט וועמען ער האָט צו טאָן און אים אַפֿילו גערן באַקומען. אין דער סבֿיבֿה פֿון מאַקס יאַקאָב האָט מען זינט דעמאָלט געקענט זען פּיקאַסאָ, מאָדיליאַני, פּאַסענס, בראַק, אַפּאָלינערן, מאָנדזען, וועלכער איז אַפֿילו אַ צײַט געווען יאַקאָבס קריטיקער. צו זײַן אָריגינעל האָט מאַקס יאַקאָב זיך געגייטיקט אין געלט, האָט ער פֿאַרקויפֿט זײַנע אַקוואַרעלן צו הונדערט פֿראַנק אַ שטיק...

אין איינעם פֿון זײַנע אַרטיקלען שילדערט מאָנדזען יאַקאָבן ווי אַ מענטש מיט אַ קאָמפּליצירטן כאַראַקטער, אונטער וועלכן ב׳האָט

געשטעקט אַ מענטש, וועלכער האָט זיך געזוכט און ערשט געוואָרן פֿולקום דורך ענדערן זײַן גלויבן, וואָס האָט באַרויִקט זײַן טיפֿן אַלטן קוואַל פֿון מענטשלעכן אומרו...".

כ'האָב געזוען פֿאַר זיך מאָנדזוענס זוכנדיקע אויגן, כ'האָב געטראַכט, געטראַכט. צי האָבן רעליגיעזע זוכענישן געווירקט אויך אויף מאָנדזוענען? צי האָט ער אָפּגעריסן פֿון זײַנע וואָרצלען. אין שטענדיקער בענקשאַפֿט און זוכעניש, אין טיפֿן מענטשלעכן אומרו מיטגעלעבט דעם צווייפֿל און זוכעניש פֿון זײַן פֿרײַנד? איז ער אויך אַריבער צום קאַטאָליציזם? כ'האָב וועגן דעם קיין סימן אין זײַנע דאָקומענטן ניט געפֿונען.

מאָנדזוען האָט מיטגעמאַכט דעם גאַנצן קריג, ער איז דעמאָביליזירט געוואָרן און אין יאָר 1922 געוואָרן אַ פֿראַנצייזישער בירגער. ער האָט ווײַטער געלעבט זײַן לעבן פֿון אַ קינסטלער מיט אַלע צוגעהעריקייטן – געאַרבעט, זיך באַטייליקט אין אַ סך אויסשטעלונגען, זיך פֿאַרבונדן, מער ווי זעלטן ווער, מיט דער קינסטלערישער וועלט. עס ווייסט וועגן דעם דער שרײַבער־מעמואַריסט אַנדרע סאַלמאָן, וועלכער שרײַבט זײַן בוך וועגן מאָדיליאַני (בײַ 600 זײַטן) און ווענדט זיך צו מאָנדזוענען (ער פֿאַרנעמט אין בוך אַ היפּש אָרט) ער זאָל אים צושיקן זײַנע זכרונות, שמועסן מיט מאָדיליאַני, וועגן מאָדיליאַניס פֿרוי, טאָכטער און "שרײַב מיר אַלץ וועגן מאָדיליאַנין און דער עיקר דײַן מיינונג...".

סאַלמאָן איז ניט דער איינציקער, וועלכער ווייסט ווי נאָענט מאָנדזוען איז געווען מיט מאָדיליאַנין. דער איטאַליענישער פֿאַרלעגער וואַני שייווילער אין אַ בוך צום 50סטן יאָרטאָג פֿון מאָדיליאַניס טויט דאַנקט מאָנדזוענען פֿאַר זײַנע אָנווײַזונגען, אין זײַן ענטפֿער ניצט מאָנדזוען ווידער אויס די געלעגנהייט צו דערמאָנען פֿאַקטן "צום כּבֿוד פֿון מײַן פֿרײַנד מאָדיליאַני... ווען ער איז געווען שיכּור, און ער איז עס, ליידער. געווען זייער אָפֿט, האָט ער זיך געשלײַכט אויפֿן טראָטואַר פֿון ראָטאָנדע קאַפֿע־הויז און רעציטירט אויפֿן קול פֿערזן פֿון דאַנטעס "געטלעכער קאָמעדיע"... מאָנדזוען קען ניט מוחל זײַן, וואָס אין אַ פֿילם האָט מען געוויזן ווי מאָדיליאַני גיט אַ פּאַטש אַ פֿרוי... "מאָדיליאַני האָט קיין מאָל ניט געגעבן

קיין פּאַטש אַ פּרוי, ניט געגנבֿעט קיין צוקער פֿונעם קאַפֿע־בופֿעט – די דאָזיקע פֿאַלשע דאָקומענטאַציע איז רעוואָלטירנדיק – אָט אַ פּאָר באַמערקונגען וועגן מײַן פֿרײַנד מאָדיליאַני".

ווען מען ווייסט, אַז מאָנדזען איז געקומען קיין פּאַריז אין יאָר 1912 און מען געדענקט, אַז מאָדיליאַני איז געשטאָרבן אין יאָר 1920, קען מען זען ווי מאָנדזען איז אין אַ קורצער צײַט אַרײַנגעדרונגען אין די פּאַריזער מאָלערקרײַזן. אויך זײַנע חבֿרים קינסטלער ווייסן וועגן טיפֿן אײַנדרוק, וועלכן מאָדיליאַניס טויט האָט געמאַכט אויף מאָנדזענען. זיי שטאַרקן אים אין זייערע בריוו, מונטערן אים אין ווײַטערדיקער אַרבעט.

פֿון דער פֿרײַנדשאַפֿט צווישן מאָדיליאַני און מאָנדזען זענען געבליבן מאָדיליאַניס צייכענונגען פֿון מאָנדזען, וועלכער האָט אויך פֿאַרהאַלטן אַ סך לעבנס־שטריכן פֿון דעם דאָזיקן טראַגישן יונגן, פֿעיִקן מאָלער.

אין איינע פֿון זײַנע האַרציקע בריוו פֿאַרבעסערט אָטאָ פּריס דעם פֿראַנצייזישן פֿון מאָנדזען – און דאָך, אין זײַן אָנהייב פֿראַנצייזיש, ווי ווײַט מאָנדזען איז דערגאַנגען! נאָר וואָס גאָזן אַסעריע פּאָרטרעטן פֿון דערען, באַמערקט דער פֿראַנצייזישער דיכטער עלי פֿאָר: "דאָס איז אַ גרויסער מאָלער, וועלכן ער וואָלט געוועון גליקלעך צו באַקענען". און ער בעט מאָנדזענען ער זאָל אים העלפֿן זיך באַקענען "מיט זײַן פֿרײַנד דערען...".

אַזוי אַרײַן אין קדש־קודשים פֿון קונסט און אויפֿצווינגען אָנערקענונג איז ניט געוועזן קיין פּשוטע זאַך. וווּנדערן מיר זיך ניט, ווען מיר זעען בײַ אים אין דער היים דעם קאָריפֿיי פֿון דער פֿראַנצייזישער ליטעראַטור אַנדרע זשיד. ער פֿלעגט גאַנץ אָפֿט צו אים קומען און ניט איין מאָל נאָכן עסן אַרײַנגעכאַפּט אַ פּאַרטיע שאָך. ווײַזט אויס, אַז אויך אין דעם געביט איז מאָנדזען ניט געוועזן קיין לײַכטע נוס... זײַן בוך "די געלטפֿעלשער", וואָס זשיד האָט געשענקט מאָנדזענען, האָט די ווידמונג: "מײַן געפֿערלעכן קעגנער. אַנדרע זשיד".

וועגן מאָנדזענען אין די ערשטע נאָכמלחמה־יאָרן ווייסן מיר זייער ווייניק. מיר ווייסן בלויז וועגן זײַנע פֿילצאָליקע אויסשטעלונגען אין פֿראַנקרײַך, אין אויסלאַנד – אינדיווידועלע און צוזאַמען מיט חבֿרים. זענען עס געוועזן יאָרן, וועלכע לויפֿן פֿאַרבײַ גלאַטיק, אָן זאָרגן? ווײַזט אויס, אַז

ניט. ער האָט געהאַט שווערע מאָמענטן. זײַן חבֿר קיסלינג עצהט אים: "...זײַ אויפֿריכטיק צו אַלץ און צום אַרום און מיט ווירדע...".

אין יאָר 1925 איז מאָנדזען אין זײַנע זוכענישן פֿון ליכט און פֿאַרב אַריבערגעפֿאָרן קיין אַלזשיר. דאָרט האָט ער געטראָפֿן די, וועלכע איז געוואָרן זײַן לעבנס־באַגלייטערין – זײַן פֿרוי. זי איז געווען אַ קינדער־דאָקטער, אַ פֿרומע קאַטוילין.

צי האָט מאָנדזען איבערגעלעבט זײַן דערװײַטערונג פֿון שטאָט, היים און אָפּשטאַמונג? צו נײַיאָר 1925 האָט אָטאָ פריס ניט פֿאַרגעסן אין זײַן בריוו אונטערצושטרײַכן מאָנדזענס האַרציקייט און פֿאַרשטאַנד. "אַלע זענען מיט מיר צוזאַמען, מײַן טײַערינקער, מײַן גוטער מאָלער, און שיקן דיר אונדזער פֿרײַנדשאַפֿט און ווונטשן...".

מען פֿילט עס ניט אין די בריוו, אָבער אַלע זײַנע חבֿרים האָבן אים הויך געשעצט און אויף אַ מינוט ניט פֿאַרגעסן, אַז ער איז אַ ייִד. שפּעטער, אין די שווערע יאָרן, ווען די היטלעריסטישע שווערד איז שוין געהאַנגען איבער פֿראַנקרײַכס קאָפּ, אין יאָר 1937, האָט אַנטאָנען אַרטאָ געשריבן אַ לאַנגן בריוו, ער איז געווען באַזאָרגט וועגן מאָנדזענס גורל אין צוזאַמענהאַנג מיט דער ברוינער געפֿאַר. "ער ווייסט, אַז מאָנדזען איז אַ ייִד, כאָטש ער, אַרטאָ, האָט טענות צו די ייִדן, אָבער מאָנדזען איז אַ מענטש מיט אַ ברייט האַרץ. ער וועט אין געהעריקן מאָמענט שרײַבן ווו מאָנדזען זאָל זיך ווענדן, ער, זײַן פֿרוי און זײַן ווונדערבאַר קינד... ער האָט גערן מאָנדזענען, אָבער דאָס זענען די ייִדן שולדיק, אין דער לאַגע, אין וועלכער מיר געפֿינען זיך איצט..."

מאָנדזען האָט געלעבט מיט זײַן צײַט און ניט געוואַרט. שוין אין יאָר 1933 איז ער אַריבערגעפֿאָרן צו זײַן פֿרוי קיין אַלזשיר און אומדערמידלעך דאָרט פֿאָרגעזעצט זײַן אַרבעט ווי אַ מאָלער. חוץ דעם, וואָס ער אַרבעט ווי אַ קינסטלער, אָרגאַניזירט ער צוזאַמען מיט זײַן פֿרײַנד זאַוואַדאָווסקי, מיט וועמען ער האָט שטודירט אין דער קונסט־אַקאַדעמיע אין קראָקע בײַ פּאַנקעוויטשן, אַ קאָנצערט מיט אַן אויסדריקלעך פּוילישער פּראָגראַם. זי דאַרף אַרומנעמען שאַפֿונגען פֿון שאָפּען, וויעניאַווסקי, שימאַנאָווסקי, אויסגעפֿירט דורך רובינשטיין, שערינגע. דאָס פֿאַרשלינגט ניט ווייניק צײַט,

אָבער עס שטערט אים ניט אין זײַן קינסטלערישער אַרבעט. ער אַרבעט פֿלײַסיק איבער זײַנע לאַנדשאַפֿטן, שטיל־לעבנס, בלומענבילדער, װעלכע באַװײַזן זיך אויף די אויסשטעלונגען אין אַלזשיר, און נאָך פֿראַנקרײַכס באַפֿרײַונג – אין פּאַריז, װוּ ער איז צוריקגעקומען אין יאָר 1965. די לעצטע אויסשטעלונג איז פֿאָרגעקומען אין 1978, אין בעזאַנסאָן, אונטערן טיטל: "סימאָן מאָנדזען און זײַנע חבֿרים".

װעגן דער דאָזיקער אויסשטעלונג האָט דער ראַטגעבער פֿאַר קונסט־ענינים פֿון דער געגנט שאַרל פּערעטי, שוין נאָך מאָנדזענס און זאַװאַדאָװסקיס טויט געשריבן: "... אַ גענעראַציע, װעלכע האָט אין משך פֿון 60 יאָר געזעטיקט די פֿראַנצייזישע מאָלערײַ מיט אַ סלאַװישן טעמפּעראַמענט, באַלויכטן מיט מיטללענדישער קלאָרקייט, זיך באַטייליקט אין דער פּאַריזער שולע פֿון די צװאַנציקער יאָרן... מאָנדזען האָט אונדז געגעבן זײַן קראַפֿט, אויסדריקנדיק געפֿילן װי װייניקע האָבן עס געטאָן... אַ מאָלערײַ, אַ געקרעפֿטיקסט מיט דער דערפֿאַרונג אין דער פֿרעמד, אין ליכט פֿון דער פֿראַנצייזישער מאָלערײַ אָנהייבנדיק פֿון ראָמאַנטיזם פֿון דעלאַקרואַ ביזן קוביזם פֿון פּיקאַסאָ...".

כ׳בין געזעסן און געלייענט. געלייענט אָפּשאַצונגען פֿון זײַנע אַרבעטן. די קריטיק איז פֿול מיט לויב געזאַנגען פֿאַר מאָנדזענס מעכטיקן, דעלי־קאַטן, ניואַנסירטן, געמאָסטענעם ליריזם. מען דערמאָנט אים צוזאַמען מיט די גרויסע קינסטלערס פֿון דער פּאַריזער שולע. זײַן אַרטיסטישע קראַפֿט און פֿילבאַרקייט װערט אומעטום אונטערגעשטראָכן. זשאַן געהענאָ ציטירט אַפֿילו אַ זאַץ פֿון בודאַ, װעלכן מאָנדזען האָט אָפֿט דערמאָנט: "דאָס, װאָס איז װיכטיק אין יעדער זאַך, איז דער "אַ!", װאָס זי רופֿט אַרויס בײַ אונדז..." – און ניט איין מאָנדזענס װערק רופֿט אַרויס אַזאַ "אַ!". כּמעט שיכּור פֿון די לויב געזאַנגען פֿאַר מײַן פֿרײַנד האָב איך איבערגעריסן דאָס לייענען, זיך פֿאַרטראַכט, אין מוח האָט געהאַמערט דער געדאַנק: װי קומט עס, אַז אַזאַ קינסטלער װי מאָנדזען, איינער פֿון די מיטגלידער פֿון דער פּאַריזער שולע, צו װעלכער עס געהערן פּאַבלאָ פּיקאַסאָ, אַלבערט מאַרקע, אַנרי מאַטיס, אַנדרע דערען, אָטאָ פֿריס, בראַק, דע סעגאָנזאַק, װי קומט עס, אַז ער איז אַזוי איגנאָרירט, זײַן נאָמען װערט אַפֿילו ניט דערמאָנט?

ווײַזט אויס, אַז זײַן טאָכטער, וועלכע האָט מיט אירע זאָרגפֿעליקע הענט צונויפֿגעשטעלט דעם דאָזיקן אַלבאָם, איז געווען דערפֿון ניט ווייניק געטראָפֿן און האָט געזוכט אַן ענטפֿער אויף דער דאָזיקער פֿראַגע. דער פֿרוי מאַרי־זשאָזע באַדינע־מאַנדזען קומט אַ האַרציקער דאַנק, וואָס זי האָט צוזאַמענגעשטעלט און אַרויסגעגעבן דעם אַלבאָם וועגן איר פֿאָטער מיט אַזוי פֿיל פּיעטעט און אָביעקטיווקייט. זי האָט אַלץ געטאָן, כּדי ערלעך אָפּצושפּיגלען די פֿאַזעס פֿון זײַן לעבן, געגעבן אַלע מעגלעכע פֿאַרבליבענע דאָקומענטן, דער לייענער זאָל זיך קענען מאַכן אַ קלאָר בילד פֿון מאַנדזענס לעבן און שאַפֿן. אויב ס'איז ווערמען ניט קלאָר, און זי האָט געפֿילט, אַז אַזוי איז עס, האָט זי געזאָרגט אַרײַנצוגעבן צום סוף "פּרוּוון פֿון אַן אָפּשאַצונג" פֿון דעני קוטאַן, דאָס איז אַ ברוטאַלע אָפּשאַצונג, זי איז אין איינקלאַנג מיטן אָפֿיציעלן גודאַנקן־גאַנג פֿון דער פּאַריזער קונסטוועלט. קוטאַן גיט אויף דער פֿראַגע זײַן ברוטאַלן ענטפֿער: "מאָלן הייסט זיך אידענטיפֿיצירן, פֿאַראייניקן מיט אַ פֿאָלק – מיטן פּוילישן? פֿראַנצייזישן? ייִדישן? דאָס איז געווען מאַנדזענס קאָנפֿליקט...".

אויף איינעם פֿון מאַנדזענס בילדער זעט מען ווי אַ לץ גייט אַראָפּ פֿון די טרעפּ. "ער איז אויפֿן לעצטן שטאַפּל, נאָר עס איז פֿאַראַן דער שוואַרצער אָפּגרונט, און דער לץ האַלט איַין זײַן טראָט, שטעלט ניט אַראָפּ זײַן פֿוס. פֿאַר מאַנדזענען שפּרייט זיך אויס אַ פּוסטקייט, אַ ניט־זײַן, ער וויל ניט אַראָפּגיין..." – טײַטשט אויס דער קונסט־קריטיקער דעני קוטאַן.

אין מאַנדזענס אַ בילד הייבט זיך דער הייליקער פֿון אַסיזש אויף אויף די שפּיץ פֿינגער פֿון זײַנע פֿיס, "אָבער ער דערגייט ניט צו די אָרעמס פֿון געקרייציקטן..." – ווײַזט ווידער אָן דער זעלביקער קריטיקער... און ער מאַכט זײַן אויספֿיר: "... מאַנדזען האָט אין פֿראַנקרײַך ניט געפֿונען זײַן פֿאָטערלאַנד. ווי האָט ער עס געקענט געפֿינען, ער, אַ מענטש, וועמעס מוטער שפּראַך איז געווען ניט רוסיש, ניט פּויליש, נאָר ייִדיש!". און קוטאַן ווונדערט זיך ניט, וואָס אין די לעצטע יאָרן פֿון זײַן שאַפֿן זענען זײַנע בילדער אָנגעזאַפּט מיט אַ בענקשאַפֿט נאָך זײַן געבוירן־לאַנד – ניט צו דער פּוילישער ערד, נאָר צו ארץ־ישׂראל!

און פֿאַר מיר שווימט אויף מאַנדזענס קונסט־קרעדאָ:

"... אַ בילד איז ניט קיין געאָמעטרישע צייכענונג. עס האָט ניט בלויז די לענג, ברייט און טיפֿקייט, עס האָט אויך אַ פֿערטע דימענסיע – דאָס געפֿיל, די נשמה פֿון דעם, וואָס מאָלט עס...".

זענען פֿאַראַן קריטיקערס, וועלכע ווייסן עס ניט, אָדער ווילן עס ניט וויסן – זיי אָנערקענען ניט מאַנדזונס פֿערטע דימענסיע...

איך טראַכט וועגן די ייִדן פֿון דײַטשלאַנד אין דער השׂכּלה־תּקופֿה. מען האָט דאָן די ייִדן פֿאָרגעוואָרפֿן, אַז זיי זונדערן זיך אָפּ, בלײַבן אין זייערע קאַפּאָטעס. האָבן זיי זיך געוועלטלעכט, אַראָפּגעוואָרפֿן די קאַפּאָטעס, אָפּגעשאָרן באָרד־און־פּאות, אַוועק אויף די אוניווערסיטעטן, געשאַפֿן גרויסע גײַסטיקע אוצרות – ניט אָפּגעשטאַנען אין גײַסט, עטיק און עסטעטיק פֿון זייערע דײַטשישע חבֿרים. האָט עס זיי געהאָלפֿן? אַ סך האָבן זיך אַפֿילו פֿאַרשאַפֿט דעם טויפֿצעטל, וועלכן הײַנע האָט באַצייכנט ווי דער אַרײַנגאַנג־צעטל אין דער פֿרײַער וועלט, איז הײַנע, ווי אַלע פֿון זײַנט גלײַכן, ניט געבליבן "אָן אַ קדיש, אָן אַ מעסע?" צי האָט זיך מאַנדזון אין סוף פֿון זײַן לעבן אַרומגעקוקט און זיך געזען פֿאַרלאָזן, פֿאַרניינט דורך זײַנע אַמאָליקע פֿרײַנד, ניט געוואָלט דערפֿון רעדן און געבליבן פֿאַרשלאָסן אין זיך אַליין?

אויף זײַן קראַנקנבעט אין אַן אָפּגעלאָזענעם שפּיטאָל, אויף אַן אָפּגעחומרטן, פֿאַרבלוטיקטן מאַטראַץ, שרײַט ער אויס צו זײַן טאָכטער:

– מאָנדזען איז אַ פֿרײַער מענטש!

אין איר אַרײַנפֿיר־וואָרט "מײַן לעצטער בריוו צו מײַן פֿאָטער" שרײַבט די טאָכטער, אַז "ער האָט ניט גערן גערעדט וועגן זײַן פֿאַמיליע, נאָר ווען ער האָט גערעדט וועגן גאָט איז געווען דערבײַ זײַן מאַמע, מיטן געטאָ, מיט גאַנץ פּוילן. ס'איז אים שווער געווען דערפֿון צו רעדן צוליב זײַן ייִדישער באַשיידנקייט און אפֿשר אויך אַ ביסל צוליב זײַן באַהאַלטענעם שולדגעפֿיל...".

און אין די לעצטע מינוטן פֿון זײַן לעבן – מאָנדזען איז געשטאָרבן דעם 30סטן דעצעמבער 1979 – האָט ער איר אַ זאָג געטאָן:

– איך גלייב ניט מער אין... ווי הייסט ער?...

– אין גאָט, – האָט די טאָכטער נאָך אַ מינוט שווײַגן געשעפּטשעט,

אָבער ער האָט שוין ניט געהערט. ער איז שוין געווען ווײַט, ווײַט אַוועק. די גוט דערצויגענע קאַטוילישע טאָכטער האָט ניט פֿאַרשטאַנען דעם לעצטן פֿײַנלעבן זאַץ פֿון איר שטאַרבנדיקן פֿאָטער. ווען זי וואָלט געקענט דעם זאַפּטיקן, פֿאָלקסטימלעכן בעלעמער ייִדיש, וואָלט זי נאָך די ווערטער "ווי הייסט ער?..." צוגעגעבן:

– יאָסל פּ... (דאָ קומט אַ ניט-בכּבֿדיקע באַצייכענונג) – ווײַל פֿאַר ייִדן האָט גאָט ניט קיין נאָמען. גאָט איז גאָט. אַפֿילו משה־רבינו האָט פֿון גאָט ניט אַרויסבאַקומען קיין קלאָרן נאָמען.

אָבער מיך האָט פֿאַרהאַלטן דאָס וואָרט "ניט מער" – וואָס הייסט עס? ביז איצט האָט ער געגלייבט און איצט גלייבט ער ניט מער? איז ער אין אַ געוויסן מאָמענט געגאַנגען אין די טריט פֿון זײַן פֿרײַנד מאַקס יאַקאָב? און צענדליקער יאָרן האָט ער געלעבט אין שטורעם, אַ פֿאַרבלאָנדזשעטער?

איך האָב זיך ניט געפֿילט געטראָפֿן, וואָס מאָנדזען האָט מיר ניט דערציילט אַפֿילו קיין ברעקל פֿון דעם, וואָס כ׳האָב איצט אַרויסגעלייענט פֿון דער מאָנאָגראַפֿיע, כאָטש ער איז געווען מיט מיר זייער האַרציק אין זײַנע שמועסן. ער האָט ניט דערציילט אין דער היים, זײַנע חבֿרים אין גאַס – איך בין ניט געווען קיין אויסנאַם. איצט האָב איך געהאַט פֿאַר זיך ברעקלעך פֿון אַ לעבן פֿון אַ מענטש מיט אַ טרויעריקן פֿרימאָרגן, וואָס האָט אין אַ שטורמישן הײַנט געקעמפּט קעגן אַ פֿרעמדן מאָרגן און איז געבליבן אײַנגעהילט אין זײַן נעכטן ביזן לעצטן אָטעמצוג. און וואָס האָט מאָנדזען געזוכט אין מײַן געזעלשאַפֿט נאָך אַלע באַרימטע מאָלערס, פערזענלעכקייטן, מיט וועלכע ער האָט געלעבט און געאַרבעט? וואָס בין איך, דער פּראָפֿאַן, געווען פֿאַר אים? ער האָט אַוודאי געזען אין מיר אַ מענטש, אַ ייִד פֿון זײַנע קאַנטן אין פּוילן. נאָך זיי האָט זיך אים געבענקט, מיט זיי האָט ער געוואָלט זײַן, מיטן נעכטן, אין וועלכן ער איז געווען אײַנגעהילט און ניט געוואָלט זיך מיט אים שיידן.

# אַ תּקופֿה פֿאַרענדיקט

אַ תּקופֿה איז געקומען צום סוף – זי האָט פֿאַרשלונגען פֿינף יאָר. פֿינף יאָר, שווערע, פֿײַנלעכע, אָנגענעמע, האַרציקע – יאָרן פֿאַרשיידענע, פֿון וועלכע עס שטעלט זיך צונויף אַ מענטשלעך לעבן.

כ׳האָב אַרומגעגומען מיטן זכּרון די דאָזיקע תּקופֿה, פֿון מאָמענט, ווען דער גורל האָט מיך אַראָפּגעלאָזט אויפֿן הייסן, טרוקענעם מידבר מיטן רוקזאַק אויף די מאָגערע פּלייצעס און מיך געלאָזט אין די הענט פֿון זשאַנדאַרן, וועבטערס, גומיעס, מיך אַרײַנגעפֿירט אין אַ לאַגער, ווו אַפֿילו די נאַטור איז געווען אַ וועבטער, מיך געהאַלטן אין באַדינגונגען, אין וועלכע דער געדאַנק פֿון אַנטלויפֿן אַנטלויפֿט. ניין. מיר זענען ניט אַנטלאָפֿן. די טעג אונטער דער סאַהאַראַ־זון זענען ניט תּמיד געווען זוניקע, אָבער מיר האָבן אויסגעדויערט.

כ׳בין אַוועק אַן אומבאַשולדיקטער אויף פֿאַרשיקונג, אונטער דער וואָך פֿון זשאַנדאַרן. באַרויבט פֿון יעדער רעכט און צוריקגעקומען אַ פֿרײַער מענטש מיט אַלע רעכט.

איך בין אַוועק פֿון אַלזשיר. אין אַ פּאָר יאָר אַרום זענען אַוודאי די ייִדישע ייִנגלעך און מיידלעך, ווי זייערע משפּחות, אויך אַוועק. זענען זיי אַוועק קיין פֿראַנקרײַך? קיין ישׂראל? כ׳האָב ביז איצט קיינעם פֿון זיי ניט באַגעגנט. איך צווייפֿל ניט, זיי וועלן האַרציק אויפֿגענומען ווערן און זײַן אַ גוטער צושטײַער אין געזעלשאַפֿטלעכן לעבן פֿון זייערע שוועסטער און ברידער אומעטום.

אויך אַנדרע מאַרטי איז אַוועק. ער האָט פֿאַרלאָזט אַלזשיר אַ ביסל פֿריִער פֿון די אַנדערע. ער האָט געזען פֿאַר זיך אַ ברייט פֿעלד פֿאַר זײַן טעטיקייט אונטער דער הילע פֿון דער מאָסקווער קרושה. כ׳האָב ניט נאָכגעפֿאָלגט נענטער זײַן פּאַרטייִשע טעטיקייט אין פֿראַנקרײַך. דאָרט האָבן זיך אין אַ געוויסן מאָמענט די זאַכן אין די הויכע פּאַרטיי־קרײַזן קאָמפּליצירט. עס איז אַרעסטירט געוואָרן דער גענעראַל־סעקרעטאַר פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי זשאַק דיוקלאָ. ס׳איז אויפֿגעשווומען די קאַנדידאַטור פֿון זײַן פֿאַרטרעטער: אַנדרע מאַרטי! דאָס האָט אַרויסגערופֿן אַ שטיקל צעמישונג צווישן די הויכע פּאַרטיי־פֿירערס, וועלכע זענען די גאַנצע צײַט געבליבן אין פֿראַנקרײַך און געקעמפֿט קעגן דער אָקופּאַציע. גראָדע איינער, וואָס איז געווען ווײַט אַוועק, איז אויפֿגעשווומען ווי דער פֿאַרטרעטער – ווי אַזוי? ווער האָט אים פֿאָרגעשלאָגן? ווער האָט באַשלאָסן? מען האָט אַוודאי געגומען זוכן אין די ביאָגראַפֿיעס און פּאַפּירלעך פֿון אַנדרע מאַרטי, מען האָט די כּלומרשטע "אימפּעריאַ־ליסטישע אינסינואַציעס" איצט געלייענט מיט אַנדערע אויגן. וואָס איז פֿאָרגעקומען אין קאָנטראָל־ביוראָ פֿון צענטראַל־קאָמיטעט פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי ווייס איך ניט. פֿון דער פּרעסע זענען מיר באַקאַנט צוויי זאַכן:

1. זשאַק דיוקלאָ איז באַפֿרײַט געוואָרן אויפֿן סמך פֿון דעם, אַז קיין געזעצלעכער גרונט איז פֿאַר זײַן אַרעסט ניט געווען;

2. אַנדרע מאַרטי איז אויסגעשלאָסן געוואָרן פֿון דער פּאַרטיי.

כ׳האָב אין פֿראַנקרײַך שנעל אָנגעהויבן מײַן זשורנאַליסטישע אַרבעט, שנעל זיך אײַנגעאָרדנט. אין דער קעשענע איז נאָך געווען מײַן אידענטי־טעט־קאַרטע פֿון אַלזשיר – אַ נעבעכדיקער אָפּשײַן פֿון אַ קאָלאָניע. צײַט געווען צו בײַטן די קאַרטע אויף אַ לײַטישער, אויף אַ פֿראַנצייזישער.

די פּאַריזער פּרעפֿעקטור האָט מיר ניט געשמעקט מיט קיין באַזונדערן טעם. נינעט איז שוין געווען אין פּאַריז, האָב איך איר אַ זאָג געטאָן:

– קום מיט מיר אין דער פּרעפֿעקטור, וועסט זען ווי די פֿראַנצויזן קענען זײַן אומהעפֿלעך מיט אויסלענדער, מיט פֿרעמדע.

– יאָ, כ׳וועל גיין, – האָט נינעט גערן געענטפֿערט.

מיר זענען אַוועק. ווי אויף צו להכעיס בין איך גלײַך גערופֿן געוואָרן.

– כ׳בין געקומען אויסטוישן מײַן אידענטיטעט־קאַרטע – האָב איך דערקלערט און אַוועקגעלייגט אויפֿן טיש מײַן קאַרטע פֿון אַלזשיר. דער באַאַמטער האָט אַ קוק געטאָן אויף מיר, אויף דער קאַרטע, זי גענומען אין האַנט ווי אַ שרץ, ער איז צוגעגאַנגען צו אַ שאַנק, אַן אָנגעפּאַקטע מיט בינטלעך דאָקומענטן, אַרויסגעצויגן איינעם פֿון זיי און צוריקגעקומען צום טיש. ער האָט אַרײַנגעקוקט אין אים אַ פֿאַרוווּנדערטער אַ קוק געטאָן אויף מיר און געזאָגט:

– איר זענט אַן אַרויסגעשיקטער פֿון פֿראַנקרײַך.

אָט האָסטו דיר, האָב איך אַ טראַכט געטאָן, געקומען, געוואָלט ברענגען די זאַכן אין אָרדענונג, און דאָ האָסטו דיר אַ מעשׂה. דאָס האָט אַוודאי די פּעטען־אַדמיניסטראַציע פֿאַרן דעפּאָרטירן מיך קיין צפֿון־אַפֿריקע געזאָרגט מיך אַרויסצושיקן פֿון פֿראַנקרײַך. כ׳בין ניט געפֿאַלן ביי זיך:

– אַ שיינע מעשׂה. דאָס הער איך נאָך מײַן דינסט אין דער פֿראַנצייזישער אַרמיי...

– איר האָט געדינט אין דער אַרמיי? – האָט ער אַ פֿרעג געטאָן.

כ׳האָב אַרויסגעלייגט מײַן בריוו פֿון דער פֿראַנצייזישער קאָמאַנדע, וועלכע גיט אָן, אַז כ׳ווער איבערגעשיקט פֿון דער פֿראַנצייזישער אַרמיי ווי אַ פֿאַרבינדונגס־אָפֿיציר צו די ענגלישע טיילן.

– וווּ איז די דעמאָביליזאַציע־קאַרטע? האָט ער געפֿרעגט.

– קיינער האָט מיר ניט געזאָגט אַז כ׳דאַרף עס האָבן.

– דו מוזט זי האָבן, אויב ווילסט ניט האָבן קיין קאָמפּליקאַציעס, – דער באַאַמטער האָט זיך גענומען אינטערעסירן מיט מיר, געקוקט אויף מיר, אויף נינעט.

– ווער איז דאָס מיידל? האָט ער אַ פֿרעג געטאָן, ער האָט געזען אַ בלאָנד מיידל מיט בלאָע אויגן, מיט אַ פֿאַרריסן נעזל. – פֿון דער פּוילישער עמיגראַציע, פֿון צפֿון־פֿראַנקרײַך?

– ניין. אַ פּראָווינצין.

– קען מען זען אײַער אידענטיטעט־קאַרטע?

– נינעט האָט איבערגעגעבן איר אידענטיטעט־קאַרטע. ער האָט איבערגעלייענט דעם נאָמען, אַ ברום געטאָן, אויפֿגעהויבן דעם קאָפּ און געפֿרעגט אויף אַ מאַן, וואָס האָט געטראָגן נינעטס פֿאַמיליע.

– דאָס איז מײַן פֿעטער, – האָט נינעט געזאָגט.

– און דער, און דער? – האָט ער ווײַטער געפֿרעגט.

– דאָס איז מײַן קוזין.

ער האָט מער ניט געפֿרעגט, ער האָט ניט געוווּסט ווו ער זאָל זיך אַהינטאָן. ער האָט גענומען אַן אידענטיטעט־בלאַנק, אויסגעפֿילט און אונטערגעשריבן. ער האָט סימפּאַטיש פֿאַרנייגט דעם קאָפּ פֿאַר נינעט, פֿאַר מיר און מיר איבערגעגעבן דעם בלאַנק.

אַרויס פֿון צימער, האָבן מיר איםביידע איבערגעלייענט. דאָס איז געווען אַן אידענטיטעט־קאַרטע פֿאַר פּריווילעגירטע. – אַ קאַרטע, וואָס דערלויבט אין אַ פּאָר יאָר אַרום צו באַקומען בירגעררעכט. נינעט האָט מיר געגעבן אַ פֿריילעכן שטורך אין זײַט.

– זאָלסט ניט לאַכן פֿון די פֿראַנצויזן!

מיר זענען אַוועק פֿון דער פּרעפֿעקטור און אין נאָענטן באַר אויסגעטרונקען אַ פֿריילעכן לחיים.